

דאָס דאָזיקע בוך
שענק איך מײַן װאונדערליכער ליבער
דיר, מײַן װײַנלענדער.

פרילינג. 1915. ליב נײַדוס

De la musique avant toute chose!

Paul Verlaine.

## לירישע אוווערטיורע

איבער מיינע גערטנער און געמעכער
די לבנה שטייגט — דעם קעניג אָווגטס הערב.
עס וואַרט דער ווײַן אין מיינע לאַנגע בעכער,
און ס'וואַרטן פרוכט אין דין־געפלאָכטנע קערב.

איך האָב די פרוכט אַ גאַנצן טאָג געקליבן —
אַ העל געמיש פון גאָלד, פון גרין און ראָז;
פון צײַטיקייט פון אייגענער געטריבן
זיי פלעגן פאַלן, זיפצנדיק, אין גראָז.

אָט ליגן זיי צעשפּרייט אויף דינע גראָזן:
גראַנאַטן, אין אַ גאָלדן הויט געפאַסט,
און שמעקעדיקע שטייפע אַבריקאָזן,
און טרויבן מיט דער שווערער זאַפטן־לאַסט.

אָ, קומט צו מיר, איר ערשט־צעבליטע מיידן,
ווי סטרונעס — שלאַנק, מיט אויגן פון אַ לאַם,
איר, וועלכע ליבט אין ווייסן גאַז זיך קליידן,
וואָס זיפט־אַדורך פון לייב דעם ראָזן פלאַם!

און איר — פאַרקלערטע יונגלינגס, מיינע ברידער,
קומט אויך צו גיין! איר, שאָטנס פון מיין גליק,

מיט בלאָנדע לאָקן, מיט אַפּאָלאָס גלידער,
מיט ערשטער דורשט אין נאָך־פאַרטרוימטן בליק!

באַ מיינע שלאָס־קאָלאָנען, וועלכע בלייכן,
דערוואַרט איך אייך מיט פּירות און מיט וויין.
עס ברענט שוין לאַנג דעם אָווגטס קעניג־צייכן,
באַגריסנדיק מיך הייליק מיט זיין שיין.

*

# דײַן בליִען

דו ביסט ווי יונגע ביימער־בלעטער,
ווי ווייסע קנאָספּן, שטייף־פאַרקניפּטע,
וואָס וואַרטן אויף דעם זומער־וועטער,
אויף שטראַלן הייסע און פאַרליבטע.

דו ביסט אַ שטיק פון מאַרמאָר קאַלטן,
וואָס וואַרט אויף אומבאַקאַנטע גייסטער,
זיי זאָלן שטראַליקע געשטאַלטן
באַשאַפן מיט אַ האַנט אַ דרייסטער.

דו ביסט ווי סטרונעס, וועלכע שטומען,
און וואַרטן איינזאַם אויף דעם זינגער,
וואָס וועט צו זיי מיט בענקשאַפט קומען
און וועקן הימנען מיט די פינגער.

דו בליסט, נאָר אָפטמאָל איז דײַן בליִען
באַפלעקט מיט אומרויִקע שרעקן:
„ווער וועט דער ערשטער מיך צעגליִען,
און וועט מײַן מיידל־סוד אַנטפלעקן?”...

# פרויען אין פענסטער

שוין.

מען עפנט שוין באַלקאָנען, מען צעשטעלט אויף זיי וואַזאָנען,
וואָס דערפרישן און דערמאָנען עפּעס היימלעכס, עפּעס ליבס.
און אין פענסטער, באַ גאַרדינען, קען מען מיידל־קעפּ געפינען:
ליפּן — מידיקע רובינען, און די באַקן — ראָזער גיפּס...

טרוימיש זיצן זיי און טראַכטן אין די דופּטיקע פאַרנאַכטן,
אין דעם פרילינג ניי־דערוואַכטן, וועלכער זאָגט זיי עפּעס צו;
מיט דעם אָנגענעמען ציטער פון אַ בענקשאַפט אַ צעבליטער
וואַרט עס יעדע אויף איר ריטער, נישט געפינענדיק קיין רו...

ס'איילן מענער פאַר די פענסטער... אפשר ד ע ר איז דאָס דער שענסטער,
אפשר י ע נ ע ר איז דער צענטסטער, וואָס זי וואַרט אויף אים פון לאַנג?
באַר אין לאָקן אַשיק־גרויע וואַרט אומזיסט אַלץ די לעווקאָיע,
און גייט אויסעט מיט הכנעה, ווי אַ הילפלאָזער פאַרלאַנג...

ס'שטאַרבן אָפּ די מערב־פלאַמען, לעשן אויס אין האָר די קאַמען,
און אָט הערט זיך פון דער מאַמען: „ט'זיין גענוג שוין... ס'איז שוין נאַכט!

נאָר ס'איז ליב דער מאַמעס שטראָפן, און עס ווילט זיך נאָך נישט שלאָפן.
און דאָס הערצל בלייבט נאָך אָפן, כאָטש דאָס פענסטער איז פאַר-מאַכט..."

*

*

דער טאָג איז אַ מידער צו מערב געגאַנגען,
אַ ווייסלעכער רויך האָט פון לאָנקע געשטיגן,
און ווייט, ערגעץ ווייט, אין די פּאַליעס פון זאַנגען,
האָט הילפלאָז געציטערט אַ מיידלשער ניגון...

עס האָט אין די אומקלאָרע טענער געקלונגען
די איינזאַמקייט פון די פּאַרנאַכטיקע שעהען,
און שטיל פלעגט דער ווידערקלאַנג ווערן פאַרשלונגען
אין דופּטיקע אָטעמס פון פערלנע טויען...

און איינגעפּרעסט לייכט אין דעם גרינס פון די גראָזן,
געקוקט האָבן מיידלשע פוס־טריט געהיימע,
און איך האָב מיך גיין מיט די שפּורן געלאָזן,
דערפילט מיט אַ היימלעכער. האַרציקער אימה...

באָר טיפער פלעגט ווערן דער טונקל דער קילער,
איך האָב אין די שאָטנס די שפּורן פאַרלוירן,
און וואָס איך בין ווייטער געגאַנגען, אַלץ שטילער
פלעגט קלינגען דאָס ליד אין די פּאַליעס פון קאָרן..

אַ בענקשאַפט האָט שטיל פון דעם ניגון געלויערט,
און ס׳האָט אַ געדאַנקען גענומען זיך שפּינען:

**אַז עמעץ אַ טרייער און נאָנטער באַדויערט,**
**װאָס ר׳קען צו מיין האַרצן קיין וועג נישט געפינען...**

# קנאָספּן

קנאָספּן שלאָפן... שטילער, שטילער...
קנאָספּן, צערטלעכע ווי דו...
ס'הייבט אַ ווינטל ווו... וואָס וויל ער?
ווינטל, שווייג! נישט שטער די רו!...

קנאָספּן שלאָפן... גרינגער, גרינגער
די באַגרינטע ערד באַטרעט...
שטרעק, מיין קינד, די דינע פינגער
און פאַרגליווער אין געבעט...

קנאָספּן שלאָפן... ווייכער, ווייכער
רינט אויף זיי דער בלויער שיין,
רינט אַ דורכזיכטיקער, בלייכער,
ווי אַ טרויעריקער ווייַן...

קנאָספּן שלאָפן... שטילער, שטילער...
הערסט, ווי ס'צייטיקט דער באַגער?
ס'דאַכט, עס זיפצט דער טוי דער קילער...
גיי נישט... גיי נישט... שטיי און הער!...

•

## דער ערשטער אַרויסטריט

ס'איז אַ נייע באַלערינע
צום ערשטן מאָל אַרויס אין טאַנץ;
אַ שפּיל געטון האָט אויף דער בינע
פון ראָזן לייב דער מאַטער גלאַנץ.

עס האָבן טויזנט מענער־אויגן
געברענט פון נייגער און באַגער,
און האָבן זיך צו איר געצויגן
פון גאַלעריע און פּאַרטער.

און ס'האָבן פרויען, אין פּערפומען,
געקליידט אין זיידן־שטאָפן נעץ,
מיט אַ פּאַרדרוס אַ שמערצלעך־שטומען
געקוקט אויף איר דורך אַ לאָרנעט.

ס'האָט דער עלעקטרי־שיין דער פרעכער,
די אָנגעשטרענגטע בליקן־רייד
געלערנט זי אַלץ הייבן העכער
דאָס קורצע, שוימיק־ווייכע קלייד.

די פרייד פון צווינגען און פאַרבלענדן
איז שוין געשטיגן אין איר ברוסט,

און אין פאַרקיילעכדיקטע לענדן
האָט זי אַלץ מער צעברענט די לוסט.

צום סוף פון טאַנץ האָט, ווי אין נעפל,
אַ שטראָם פון קולות זיך צעשפריצט — — —
זי האָט אַ נייג געטון איר קעפל
פאַרשעמט אַ ביסל און צעהיצט.

נאָר מ׳האָט אומזיסט זי מיט געריסן
צו זיך אַרויסרופן געמיינט:
אין קאַמער, הינטער די קוליסן,
האָט זי זיך פיבערדיק צעוויינט.

ווי זיס געווען דער שמערץ איז יענער,
ווען דאָס טעאַטער האָט געברויזט! — — —
זי האָט דאָך היינט באַם בליק פון מענער
צום ערשטן מאָל איר לייב אַנטבלויזט.

# אויף דער שוועל

ווי טריב עס ברענט דער דינער אַמעטיסט
אין גינגאָלד פון דיין שמאָלן מיידל־רינג.
אַלץ אָפטער צאַפּלען אויפּעס דיינע בריסט,
אַלץ הייסער ווערט דיין אָטעם, וואָס איך טרינק.

פאַרשעמטער מאַכט זיך צו באָם קוש דיין אויג,
הכנעהדיקער ציטערן די קני;
און ליכטיק זינגט דיין יעדער קערפּער־בויג:
„ס'קומט מיטנטאָג. אַוועק דער אינדערפרי".

ס'צעבליט דיין גוף אין פאָרגעפיל פון חטא,
ווען פאַרן שלאָף דיין האַנט די האָר צעפלעכט;
פון זינד־באַגער ווערט הייס דיין מיידל־בעט
און לענגער ברענט דאָס ליכט אין דיינע נעכט.

ס'גייט לאַנגזאַם אויס דיין פּיאָלעטער סוד.
ס'ווערט אויסגעהויכט דיין שטילער פייגלכן־טרוים.
געשלאָסן ווערט דאָס פריערדיקע ראָד.
אַ נייעס וועט דיר עפענען זיין רוים.

און עמעץ וועט דיך אָנציגדן: „איך צווינג!

ביסט מיינע — שווייג! צי ווייסטו ווער איך בין!" — — —
און זינדיק וועט צעשטראַלן אויף דיין רינג
אַ בלוטיקער, אַ שלאָפלאָזער רובין.

# בעריאָזקעס

איך האָב דיך געזען אין בעריאָזאָווען וועלדל
אינגאַנצן אין ווייסן געקליידט;
אַ לייכטינקער ווינט האָט די פאַלדן פון קליידל
ווי וואָלקנדלעך ווייסע צעווייט...

אַ בלומענקראַנץ האָסטו אין הענטל געהאַלטן,
און שטיל האָט געשוועבט דיין געשטאַלט;
און ס׳האָט אין דעם בלוילעכן שיין פון די אויגן
געאָטעמט די בענקשאַפט פון וואַלד.

עס האָבן געפליסטערט די יונגע בעריאָזקעס,
זיך בייגנדיק צערטלעך צו דיר;
„געקומען צו אונז איז אַ שוועסטער אַ נייע
אַ שלאַנקע און ווייסע ווי מיר״...

און דו ביסט אַלץ ווייטער און ווייטער געגאַנגען,
די בלימלעך פון קרענצל געפליקט,
און ס׳האָט דיר אַ ווינטל די פאַלדן פון קליידל,
ווי וואָלקנדלעך ווייסע צעוויגט...

*

## מאדריגאל

דו ביסט געווען אַמאָל, מסתּמא,
אַ יונגע, שעמעוודיקע בלום;
פון דיינע אויגן קוקט נאָך שטום
ביז איצט דיין בלומיקע נשמה.

דו ביסט צו אונדז פון פעלד געקומען,
באַקרוינט מיט ציטערדיקן טוי,
דעריבער ליבסטע איצט אַזוי
די צאַרטע דופטנדיקע בלומען.

פון פרי ביז שפּעטע אָוונט־שעהען
איז פול מיט דופט דיין קליינער טיש —
דאָרט שמעקט אַ שטראַליקער געמיש
פון היאַצינטן און לעווקאָיען.

דו פילסט די שטילע בלומען־טרוימען,
און נאָנט פאַר דיר איז זייער וויי,
עס דאַכט: דו בענקסט צוגלייך מיט זיי
נאָך ווייטע גאָלדן־גרינע רוימען.

און האַלטסטו זיי אין האַנט אין דיינער,
איז לופטיק־דין דיין יעדער ריר;

און אָט אַזוי איז אויך מיט מיר,
ווען כ׳האַלט דײַן קלײנע האַנט אין מײנער,

יאָ, יאָ, דו ביסט געווען, מסתמא,
אַמאָל אַ שעמעוודיקע בלום;
פון דײַנע אויגן קוקט נאָך שטום
ביז איצט דײַן בלומיקע נשמה.

## אַ ליד פון אַ מיידל

און גייען מיידלעך שוין פון ברונען
צום לעצטן מאָל מיט פולע קרוגן —
דאַן אייל איך — אין מיין טרוים פאַרשפונען —
באַגעגענען די אָוונט-צוגן.

איך אייל, אין ווייסן קלייד באַצויגן —
אַ טרויעריקע אָוונט-כּלה;
עס ברענט אַ סוד אין מיינע אויגן,
כ'וועל איינעם נאָר אים זיין מגלה.

איך גיי פאַרביי די רעלסן-סטעזשקעס
מיט בלומען, בלאַס ווי די לבנה;
איך טראָג זיי פאַרזיכטיק: איך ברענג עס
מיין ווייטן ליבסטן אַ מתּנה.

ער קומט נישט אַלץ... דאָך קומען וועט ער,
כאָטש זען אים האָט מיר נישט געלונגען,
נאָר ס'האָט פאַרטרויט פון אים דער עטער,
און ס'האָט דאָס גראָז פון אים געזונגען.

איך קום צום שמאָלן, גרינעם שטעגל,
דאָרט וואַרט איך מיט מיין טרוים צוזאַמען,

ביז ס'לויכט אין ווייטקייט אויף אַ סגל
פון העלע, קיילעכדיקע פלאַמען

עס קומט אַ ווייסער רויך צו שוועבן,
און רעדער קומען מיט געזאַנגען,
און ערגעץ פאַלן נאָנט, דערלעבן,
דריי שווערע, אָנמעכטיקע קלאַנגען.

עס קנוילט דער רויך — דאָך באַלד צעקריכט ער,
און אין די פענסטער די באַשטראַלטע
דערזע איך אַלערליי געזיכטער,
נאָר אַלע — פרעמדע, ווייטע, קאַלטע — — —

און ווידער וועקט זיך אויף דאָס ברומען,
און רעדער רירן זיך פאַרשטויבטע,
און ס'פאַלן פון מיין האַנט די בלומען,
באַגלייט פון קלאַנגען דריי פאַרטויבטע.

* *
*

ס׳זעט יעדן טאָג דיך עלף אַ זייגער
אין גאַס אַדורכשלייכן מיין בליק;
דו טראָגסט אַ פּאַפּקע, ווי דיין שטייגער,
מיט אותיות גאָלדענע „Musique"..

ווי פרום די אויגן דיינע לאָזן
אַראָפּ זיך דאַן... ס׳צעבליט דיין מויל,
און ד׳איילסט פאַרביי, ווי ס׳איילן האָזן,
זיך שיצנדיק פון יעגערס קויל...

איך זע פון באַק דעם ראָזן שאָטן,
איך זע דיין פּאַפּקע, און איך שפּיר:
די לידער שלאָפן אין די נאָטן,
ווי ס׳שלאָפט די לידנשאַפט אין דיר...

דו גייסט צום לערער... דיינע דינע
און בלאַסע פינגער, איידל־שמאָל,
זיי שפּילן דאָרט אַ סאָנאַטינע
צום פינפטן, צי צום צענטן מאָל...

דאָך יענעם שפּיל בין איך דיר מוחל:
ס׳איז ערנסט־הייליקער דאָס ליד

פֿון נאָר־װאָס־אױפֿגעבליטן שמײכל,
פֿון נאָר־װאָס־אױפֿגעװאַכטן גליד...

# יוגנט

פריש געווען איז דער פרימאָרגן,
און באַהויכט מיט טוי פון גראָזן,
ווען איך האָב מיך מיט מיין שיפל
אין דעם וויטן ים געלאָזן...

שטיל דער כלה־ערד געסודעס
האָט דער ים — דער יונגער חתן,
און געפלאַטערט אין די לופטן
האָבן ווייסע אַלבאַטראָסן;

און געקושט האָבן מיין זעגל
ווינטלעך שמעקעדיקע, קילע,
אין די קושן האָט געאָטעמט
אַ פרימאָרגנדיקע תפילה.

אין מיין ערשט צעבליטן האַרצן
האָט געגליט אַ זאַנפטער שמייכל,
און אַן אָפשיין האָט געציטערט
דאָרט, פון גאָטס געהיימען היכל.

כ'האָב פאַרלוירן פון די אויגן
באַלד די סטעגעס פון די ברעגן,

און די ים־ברוסט האָט געפירט מיך
איבער גאָלד־געשפּינטע װעגן.

און װען כ'בין נאָך נאָנט געװעזן
פון דער ערד — האָט מיר אַ העלע
װײַטע שטימע נאָכגעשריגן:
„זײַ געבענטשט דו, כּרובֿים־זעלע!"...

*

* *
*

מוז יעדער באַטרעטן — צי פריִער, צי שפּעטער —
די שוועל די באַשערטע פון הייליקע גראָטן;
עס קומט עפּעס אָן און רעגט אויף אונדזער עטער,
און אָט ווערן זוניקע קלאַנגען צעשאָטן.

און דאָרטן, פון דרויסן די הייליקע גראָסן,
דאָרט שטאַרבן די אַלטע, פאַרלאָזענע געטער;
כאָטש ס׳וואַרפט זייער טויט אויפן האַרצן אַ שאָטן,
דער שאָטן צערינט אָבער, פריִער צי שפּעטער.

אָ גוטע, אָ ליבע, פאַרלאָזענע געטער!
לעבט־וואויל! ס׳רופט אַ סודיקער, זוניקער שטן...
נאָר שטרענג איז די רייפקייט פון גאָלדענעם וועטער, —
זי לאָזט אייך נישט צו צו די הייליקע גראָסן.

*

# צו איינער

(סאָנעט)

מיין אומבאַקאַנטע טייערע ברונעטין,
דו ווייסט נישט ווי איך וויל דיך, ווי איך גאַר!
עס קלינגט נישט אָפּ מיין צפונדיקער צער
באַ דיר אין גוף דעם ליידנשאַפטלעך־נעטן...

און כאָטש דו טרעטסט אויף גלאַנציקע פּאַרקעטן,
און שלאָפסט אין דופטיק־ראָזן בודואַר,
דאָך בלייבסטו פּאָרט אַ קינד פון זאַנזיבאַר,
געצירט מיט קרעלן און מיט אַמולעטן...

דיר גייען נישט די מאָדע־היט... און ליידער
פאַרשוועכן דיך באַנאַל־געניייטע קליידער,
וואָס לאָזן נישט דיין פּראַכט אַרויסזען פריי;

דיין בראָנז־געטאָקטער קערפּער איז באַשאַפן
צו דרייען זיך אין טאַנץ פון שוואַרצע שקלאַפן
מיט אומפאַרשטענדלעך־ווילדער קוויטשעריי.

*

# בּאַ דער בלויער שויב

דו שפּילסט בּאַם פענסטער. ס'טונקלט. ס'בלייכן נאָטן.
אוּן בּאַ די זייטן — צוויי פאַרוויינטע ליכט.
אַ העלפט אין שיין, אַ העלפט אין לייכטן שאָטן,
באַוועגט זיך קוים דיין מיידלשעס געזיכט.

אַ וואַלד־בלום, ווי אַ קינד אין שויס פון מאַמען,
באַהאַלט זיך אויף דיין בלוזע אין אַ פאַלד,
און הייבט זיך אָפּטמאָל מיט דיין ברוסט צוזאַמען,
אַזוי ווי זי וואָלט רייסן זיך צום וואַלד.

דיין ווייסע האַנט, די בויגיקע און גלאַטע,
שוועבט־אום און פלאַטערט ווי אַ יונגע טויב;
עס ציטערט די „לבנהקע סאָנאַטע",
און ווערט פאַרשטאָרבן בּאַ דער בלויער שויב.

און די לבנה מיט אַ בליק אַ שטילן
בייגט־אָן זיך דורכן פענסטער צום קלאַוויר,
און הערט, און הערט, — אַזוי ווי זי וואָלט פילן,
אַז אין דעם טונקל זינגט מען עס פון איר...

*

# בעז

איך פליק דעם בעז, איך פליק און פליק,
אוּן ס׳דאַכט זיך מיר: איך לעז
באַ דיר אין בליק דאָס בוך פון גליק
אין דופט פון בלויען בעז.

עס האַלדזט אַ שטראַל דעם ביימער־שטאַם,
און פלאַטערט אויף און אָפּ;
אוּן ס׳צינדט זיין פלאַם דיין לאָקן־ראַם,
דיין גאָלד־געקרויזטן קאָפּ...

כ׳באַשיט מיט בעז דיין יעדן טריט,
עס קלאַפּט מיין האַרץ און פלאַמט,
איך שיט און שיט, און ס׳שיט זיך מיט
דיין קול ווי זילבער־זאַמד...

דו לאַכסט... און ס׳טוט דיין ברוסט אַ ריר
דעם ווייסענקן באַטיסט...
דו שפּילסט מיט מיר... כ׳פאַל צו צו דיר,
דו ווערסט זיך, נאָר אומזיסט...

איך קוש, און דו פאַרוואַרפסט צוריק
דיין קעפל גראַציעז,

און כ׳לעז דאָס גליק באַ דיר אין בליק,
וואָס שטראַלט ווי בלויער בעז...

# בריוו

אין איינזאַמע פֿאַרנאַכטן,
ווען כ׳זיץ אין ווינקל טיף,
דאַן האָב איך ליב צו טראַכטן
און לעזן דיינע בריוו.

די ליבע־בריוו פֿאַרהילן
אין זיך אַ רייך פֿאַרמעג;
דאָ — העלע, ווי דיין ווילן,
דאָ — טריבע, ווי דיין וועג...

און שטרענגע, ווי דיין אומשולד,
און גוטע, ווי דיין בליק,
דאָ — לאַנגע, ווי דאָס ליידן,
דאָ — קורצע, ווי דאָס גליק...

איך לעז באַם שיין פֿון לעמפּל,
און ס׳שלייכט זיך דורך צו מיר
אַ הייליקייט פֿון טעמפּל
דורך אַ געהיימע טיר.

פאַרשעמט פון מיינע טרערן
שטיל בלייבט זי אינדערמיט;
עס דאַכט — זי וויל נישט שטערן
מיין שמערצלעכן געמיט.

און אַלע שאָטנס שטייען
פאַרגליווערט אויף די ווענט,
און בענטשן מיינע ווייען
מיט אויסגעשטרעקטע הענט.

און בריוו נאָך בריוו דערשיינען,
און שווינדלען פאַר מיין בליק,
דאָ — לאַנגע, ווי די פּיינען,
דאָ — קורצע, ווי דאָס גליק...

# אין האַרבסטיקן גאָרטן

קום, ליבסטע, צום האַרבסטיקן, גאָלדענעם גאָרטן.
נאָר שטיל לאָמיר צוגיין... אַ גוסס איז דאָרטן:
אין טרויער אין הילפלאָזן ליגט דאָרט דער זומער,
ער אָטעמט שוין קוים, אַ פאַרוועלקטער און שטומער...
מיט בלעטער־גאָלד שטיקן זיך אויס די אַלעען,
ווו ס'וואַנדערן ווינטן, ווי היימלאָזע רייען
פון איינזאַמע גייסטער, פון זעלן פון טריבע,
וואָס זוכן אַ ווינקל פון רו און פון ליבע.
און דאָרטן, צווישן די ביימער, וואָס שטייען
פאַרגליווערט אין זייערע האַרבסטיקע ווייען,
וואָס חלומען שעמעוודיק, נאַקעט־אַנטבלויזטע —
זאָל הילכיקער קלאַפּן דאָס האַרץ דאָס צעברויזטע...
און באַ די בעריאָזקעס, די יונגע עגונות,
זאָל דורכקלונגען העל אונדזער קוש אין דער לופטן,
אַזוי ווי דער ציטער פון זוניקע סטרונעס,
וואָס זינגט אונדז פון פרילינג, פון שיכּורע דופטן...
אַ צאַפּל טון וועלן די בלעטער אין ליידן,
ווי אונדזערע הערצער באַ ביידן אין פריידן:
עס וועט יעדעס בלעטל זיין פרילינג דערמאָנען.
וועט וועלן פאַרגעסן, וועט אָבער נישט קאָנען...
און הונדערטער בלעטער פאַר אונדז וועלן קניִען,
און העל זיך אין גאָלד פון זכרונות צעגליִען;

אָ, אָרימע בלעטער! און דאַן, ווען מיר װעלן
אַרויסגיין פון גאָרטן מיט זינגענדע זעלן,
זיך באָכקייקלען וועלן זיי ווילד און אָן סדר,
און קושן די זוימען פון אונדזערע קליידער,
און וועלן באַגלייטן מיט טונקעלע שאָרכן,
און מיר וועלן שטיל און מיט בענקעניש האָרכן,
און וועלן זיי מורמלען: „פאַרצייט אונדז, געטרייע!
„פאַרצייט אונדז די גליקן, פאַרצייט אונדזער ליבע
„אַצינד, ווען איר שטאַרבט דאָ פאַרוועלקטע און טריבע,
„ווען יעדע מינוט ברענגט אַ נייע לויה...
„פאַרצייט אונדז! פאַרצייט אונדז!"... און וועלן געבויגן
אַרויסגיין פון גאָרטן... און שטיל אין די אויגן
באַ דיר וועלן טרערן זיך זוניקע צינדן,
זיך לעשן, זיך צינדן און ווידער פאַרשווינדן,
און פלאַמען אויפסניי, ווי דאָס בלעטער-גאָלד דאָרטן...
— — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — —
קום, ליבסטע, צום האַרבסטיקן, גאָלדענעם גאָרטן.



# לעווקאָיען

בליב אייער בליק דעם שטומען,
וואָס ווייט מיט אָוונט־טויען...
אָ, טייערענקע בלומען —
פאַרחלומטע לעווקאָיען!...

ווען זי האָט מיר געשענקט אייך
אין אָוונט־סאָד אין בלויען,
האָט שטיל אַ טרער באַשווענקט אייך,
פאַרחלומטע לעווקאָיען!...

דורך אייך האָט מיין געגאַרטע
געוואָלט איר האַרץ פאַרטרויען; —
דורך אייך, אָ, מיינע צאַרטע
פאַרחלומטע לעווקאָיען!...

צי האָט איר ווען געזעען
אַ שענערע באַ פרויען?...
אַך, זאָגט — שטילט־איין די וויינען,
פאַרחלומטע לעווקאָיען!...

דאָך צאַרט די בלעטלעך שטומען
ווי יענע אָוונט־שעהן...

ווי ליב זענט איר מיר, בלומען,
פאַרחלומטע לעװקאָיען!...

## CHANSON TRISTE

ס'האָט געשימערט דאַן דער גאָרטן אַזוי העל, אַזוי העל,
און געבלאַנקט האָבן די שנייען ווי דיין זעל, ווי דיין זעל...
האָסט זיך אומגעקערט דאַן ברוגז און אַוועק, און אַוועק
אין דער ווייסער ווינטער-ווייטקייט ווי אַ פלעק, ווי אַ פלעק;
כ'האָב געהאָרכט ווי ס'קלינגען אָפּעט דיינע טריט, דיינע טריט,
און געפילט האָב איך: מיין זעלע גייט דיר מיט, גייט דיר מיט...
כ'בין פאַרבליבן אין דעם גאָרטן דאַן אַליין, דאַן אַליין,
וווּ אין שטראַלן נאָך געבלאָנדזשעט האָט דיין חן, האָט דיין חן;
און געקריצט האָב איך דיין נאָמען אויפן שניי, אויפן שניי,
מיט אַ צווייג געקריצט דיין נאָמען פול מיט וויי, פול מיט וויי...
ווי דיין בליק, געקוקט פון שניי האָט יעדער אות, יעדער אות,
און געוועקט באַ מיר אין האַרצן אַ פאַרדראָס, אַ פאַרדראָס,
און גערירט מיט כשוף-פינגער אַ פאַרלאַנג, אַ פאַרלאַנג,
און געווען איז מיר דאַמאָלס אַזוי באַנג, אַזוי באַנג...
שטום געקוקט פון בוים-געפלעכטן האָט די נאַכט, האָט די נאַכט,
און געוווּנדערט זיך אין שטילקייט און געטראַכט, און געטראַכט:
„וואָס דאַרט מאָלט דער שוואַרצער שאָטן אויפן שניי, אויפן שניי?"...
„צי פאַרזיגלט ער זיין שמחה, צי זיין וויי, צי זיין וויי?"...
און דער שניי האָט צאַרט געשטראַלט ווי ווייסער זייד, ווייסער זייד,
ווי די ברוסט פון מיין געליבטער, וואָס איז ווייט, וואָס איז ווייט...

*

## דעם וואַלד האָב איך ליב...

דעם וואַלד האָב איך ליב, ווען ער ציט זיך אַוועק,
אין שפּאַרט זיך אין הימל אין זוניקן איין;
אָך, ניין, נישט דעם וואַלד, נאָר דעם שמאָלענקן שטעג,
וואָס שניידט זיך אין וואַלדיקן האַרצן אַריין...

דעם שמאָלענקן שטעג האָב איך ליב, וואָס איז בלויז
מיט מאָך און מיט אָרימע בלימלעך באַצירט;
אָך, ניין, נישט דעם שטעג, נאָר דאָס איינזאַמע הויז,
צו וועלכן דאָס שלענגלענדע שטעגעלע פירט...

דאָס הויז האָב איך ליב, וואָס איז ליכטיק באַקרוינט
מיט דופטיקן גרינס, און מיטביימער פאַרשטעלט;
אָך, ניין, נישט דאָס הויז, נאָר דאָס מיידל, וואָס וווינט
אין הייזל אין יענעם, אין שטילן געצעלט...



## די מושל
(סאָנעט)

באַם ברעג פון ים אַ מושל ליגט,
עס האָבן זי אַרויסגעשפּיִט די וועלן;
זי חלומט לעבן ימס צעשוווענקטע שוועלן,
און שמייכלט פאַרביק, קינדעריש באַגליקט.

דעם ים־תּהום זעט זי אין איר טרוים איר העלן,
זיין טויבעס רוישן זינגט אין איר צעוויגט;
עס איז אין איר דאָס ליד פון ים פאַרשטיקט!
זי האָרכט פון וואַסער דעם געלויף דעם שנעלן.

און אומעטום — אין טאָל אויף בלומען־ציר,
אין בלוט און רויך פון שטאָט, אויף שניי־בערג קאַלטע —
דער ווייטער ים — ער לעבט מיט איר, אין איר.

אַ מושל איז מיין האַרץ. עס בלייבט אין אים,
ווו ס'זאָל נישט זיין, דיין ליבע דיין צעשטראַלטע,
און ס'רוישט אין אים דאָס עכאָ פון דיין שטים.

*

# ANDANTE CANTABILE

## I.

שאָטנס גרינע, דינע צווייגן. ערגעץ וויינט אַ מאַנדאָלינע,
וויִ אַ תּפֿילה פֿון אַ ווייטער, אַ לבֿנהקער מדינה.

איינזאַם ציטערט זי, די תּפֿילה, ווי אַ שטערן, ווי אַ טויעל,
און איר צער איז טונקל-הייליק, ווי אַ גרויסן צדיקס אוהל.

שטערן הערן. ווערן שענער אין דעם זילבער-בלויען גליווער.
ערגעץ נאָענט-נאָענט, דאַכט זיך, איז געפֿאַלן אויף די קני ווער.

אונדז צופֿוסן, ווי מיט גרויסן, אויף די זאַמדן פֿון אַלעע,
איז אַ שטראַלעכל געפֿאַלן — אַ לבֿנהקע קמיע.

שאָטנס ווייען. די אַלעען האָבן אָרט איצט נאָר פֿאַר צווייען:
נאָר פֿאַר דיר און נאָר פֿאַר מיר מיט מיינע פֿריִלינגדיקע ווייען.

ווייסע בליטן אָפּט זיך שיטן; שיצן, היטן אונדזער חלום,
וויגן, וויגן און פֿאַרוויגן מיט אַ לופֿטיקן קריסטאָל אים.

זעסט, געליבטע: די פֿאַרקניפּטע, ווייס-באַזיפּטע קנאָספּן שלאָפֿן.
לאָז דיין אויג און האַרץ אַנטקעגן אַלע ווייטקייט-וועגן אָפֿן.

טויען בלויען. שעהן שטילע. קילע, נאָנטע האָריזאָנטן.
אונדזער שטערן זעסטו, ליבסטע? אונדזער בלויען, אַלט־באַקאַנטן?

אונדזער שטערן... זיין נשמה וויינט, מסתמא, עס די דינע,
ווערט צעגאַנגען אין די קלאַנגען פון דער באַנגער מאַנדאָלינע.



## II.

אין דעם שאָטנדיקן שימער פון מיין שמאָלן אָוונט־צימער
ווערסטו האַרציקער און נענטער און געטרייער און אינטימער.

זעסט — דער אָוונט קומט צושווימען מיט זיין רויט־צעפּאַלבטן זעגל.
גיב דיין האַנט, ווי ליב באַקאַנט איז יעדער ראַנד פון דיינע נעגל.

גיב די פינגער. גרינגער־גרינגער. אָט — איך קוש זיי, האַרציק
מיידל,
כ׳הער ווי שטיל אין זיי עס פליסן דיינע יחוס־בלוטן איידל.

אַזוי מלכותדיק זיי פליסן. כ׳ווייס — פון דיינע עלטער־זיידעס
איז אַ קיניג ווער געוועזן. דיינע ברעמען זאָגן עדות.

דיינע לאַנגע באַנגע ברעמען. דיינע טרויעריקע אויגן,
און דער ווייבלעך־ראָזער אויסבייג פון דיין דינעם עלנבויגן.

האָרכסט, עס גוססן די קלאַנגען; קלאַנגען טאַגעדיקע, פלינקע.
ס׳רוישט די שטאָט אַלץ מידער, מידער. ערגעץ שפּילט אַ קאַטערינקע.

ס׳טוט אַ וויי מיט פרישע דופטן אין דער לופטן. דאָך פון וואַנען?
אָך, דאָס האָבן זיך צעוויקלט אויף מיין פענסטער די טולפּאַנען!

איך און דו און די טולפּאַנען. ערגעץ ציטערן געזאַנגען.

ערגעץ ווערן בלויע שטערן אין דער טונקלקייט צעהאַנגען.

מיינע. מיינע. יאָ, ביסט מיינע? נייג צו מיר דיין בלאָנדן קעפּל.
ערגעץ ציטערן געזאַנגען. טויִק זילבערט זיך אַ נעפּל.

*

# אַ חלום

ביסט געקומען מיר צו חלום; ס'האָט די נאַכט גערוט בשלום;
אויף דיין קאָפּ, ווי זילבער־שקלים, האָבן שטראַלעכלעך גע־
בלאַנקט;
ס'לייב אין דורכזיכטיקע שטאָפן, ליכטיק צאַרט ווי מיינע סטראָפן,
און אויף ליפּעלעך האַלב־אָפן האָט אַ שמייכל־שיין געצאַנקט...

און באַגלייט דיך האָבן פליגל; איינער — ווייס, ווי טרוים אין וויגל,
שוואַרץ — דער צווייטער, ווי דער זיגל פון דעם לויערדיקן טויט,
און געפּאָכט אין לופט אין בלויער מיט אַנטציקונג און מיט טרויער,
און אַ שמערצלעכן באַדויער אין דער טונקלקייט פאַרטרויט...

האָסט אין איין האַנט ליכט געהאַלטן מיט אַ געלן פלאַם אַ קאַלטן,
אין דער צווייטער — אַ צעשטראַלטן און אַ בלויען בעזן־צווייג;
ס'האָט די אויגן מיר פאַרבלענדט ווער, ס'האָט מיין בלוט אין מיר
צעברענט ווער,
נאָר געוועזן איז דיין ענטפער אין אַ ציטערדיקן „שווייג"!...

כ'האָב געזען: באַ דיין שוואַרצאַפל האָט אַ טרער געטון אַ צאַפל,
און אַ סודותדיקער שטאַפל האָט דיך אָפּגעפירט אין דר'הויך;
ווי אַ לעצטער גרוס פון ווענען, פול מיט ווייטיקדיקן קלעמען,
איז באַפאַלן מיינע ברעמען אַ קריסטאַלעדיקער רויך...

*

# דאָס ליד פון אַ בלום

זי האָט געפּליקט מיך פון די בייטן,
דאָך האָב איך נישט געפילט קיין וויי;
כ'האָב זיך געזעגנט מיט די קווייטן,
אַ שמייכל וואַרפנדיק צו זיי...

איך האָב געפלאַמט, פון פרייד צעשראָקן,
ביז ס'האָט איר קליינע, שמאָלע האַנט
פאַרשטעקט מיך פלוצלינג אין די לאָקן,
אין שכינות מיט אַ ראָזן באַנד.

איך ליג אין טונקל-קילע וועלן,
און טראַכט פון איר, דאָך ווייסט זי ניט,
ווי ס'הערט נישט אויף אין פיין זיך קוועלן
מיין שטילער, בלומיקער געמיט...

זי ווייסט נישט, אַז איך זיפץ אַ טריבער,
און אַז איך ציטער אויף צומאָל,
ווען אין דער לופט צעשטראַלט איר ליבער,
איר מיידלש-חנוודיקער קול...

איך שיק פאַרליבט איר מיינע דופטן, —
מיין טייער איינציקן געשענק...

דאָך הערט זי נישט, ווי אין דער לופטן
דערציילט מיין דופט: „איך בענק... איך בענק..."

מיין האַרץ נאָר ווייסט דער באַנד דער ראָזער,
ער איינער זעט מיין טיפן וויי...
עס וועלקט מיין טרוים מיין האָפנונגסלאָזער,
און עלנט שטאַרב איך און פאַרגיי...

## די העטערע

(סאָנעט)

דו ביסט געווען, מסתמא, אַ העטערע
אַמאָל־אַמאָל, אין לאַנד פון אַלטן גריך;
עס שטראַלט בײַ דיר אין יעדן פנים־שטריך
פון זינדיקייט די וואַנזיניקע לערע...

זאָג: האָסט אַ סך שוין, צערטלענדיק אויף זיך,
דערשטיקט מיט דײַנע שוואַרצע צעפּ די שווערע?...
אָ, פּרעכטיקע, בלוטדורשטיקע פּאַנטערע
אין קליידער און אין עלעגאַנטע שיך!...

באַשמיר דײַן לײַב מיט דופטיק־פעטן נאַרד,
צעשטעל באַם זײַט די פולע בשמים־קרוגן,
צעלייג זיך אויף אַ פעל פון לעאָפּאַרד

מיט אַ פאַרשייטן שמייכל מיט אַ קלוגן, —
און, קושנדיק דיך הייס, וועל איך דערזען
די אַרגיעס די ווײַטע פון אַטען!..

# סאָנעט

זי איז פון אַ יאַפּאַנערין נאָך קלענער,
איר גאַנץ געשטאַלט איז דראָבנע־עלעגאַנט;
איר גאַנג דערציילט, אַז איר איז גוט באַקאַנט
די קונסט, ווי צו געפעלן זיין די מענער.

באַטראַכסט זי זינדיק — ווערט זי דאַן נאָך שענער;
ס׳צעפּיבערט זיך איר קליינטשיק־דינע האַנט,
אַ ציטער גיט דער צאַרטער ברעמען־קאַנט,
און ס׳קומען־צו אין קולכל בייע טענער...

די גאַנצע פאַלשקייט מיט דער פּראַכט אינײנעם
איז אין איר קערפּער דעם קאָקעטיש־קליינעם...
געפערלעך שפּילצייג איז איר יעדעס גליד...

און אָפּטמאָל וויל איך אויף די הענט זי נעמען,
און קושן איר די ברוסט, דעם האַלדז און ברעמען,
אַז זי זאָל צאַפּלען, פון מיין צערטלען מיד...

*

# דערנאָך

(סאָנעט)

עס שלאָפֿן־איין אין בלוט די אָרכידעען,
די תּאוהדיקע, פֿלאַמעדיקע קווייטן;
מיר קוקן וואַכיק איינער אויפֿן צווייטן —
די לעצטע רעשטן ליידנשאַפֿט פֿאַרגייען...

אַ גלייכגילטיקער ליג איך, און איך לייען
באַ דיר אין אויג אַ קעלט, וואָס נעמט זיך ברייטן,
וואָס וועט זיך באַלד אין גאַנצן גוף צעשפּרייטן,
פֿאַרמעקנדיק די שעה פֿון זיסע ווייען...

ס'גייט־אויס די ווילדע דורשט פֿון מיינע ציינער,
וואָס האָבן אויף דיין פּרויען־ברוסט דער רייִנער
צום אָנדענקן אַ ביסן־שפּור געלאָזן;

און דיינע האָר — ווי אונדזערע שוואַרצאַפּלען —
זיי ליכטן קאַלט, און קענען מער נישט צאַפּלען
ווי פֿריִער אויף דיין שולטער אויף דיין ראָזן...

# BERCEUSE

זעסט, מיין קינד; אויף דיין דעקע דער דיגער פאַלט אַן אָפּשיין אַ בלוילעכע־גרינער,
יי לבנהקע שטראַלן — די שפּינער שפּינען בילדער דיר אויס אין דער נאַכט;
שלאָף, מיין איינציקע, שלאָף, מיין געגאַרטע! שליס די אייגעלעך דיינע די צאַרטע,
און פאַרגעס אָן די טרוימען גענאַרטע, וואָס דער היינטיקער טאָג האָט געבראַכט...

ס׳איז די נאַכט אַזוי הייליק און טייער... לאַנג פאַרברענט איז דער טאָג שוין, דער שרייער,
פון זיין פרעכן און שלאַנגיקן פייער איז געבליבן אַ הויפן מיט אַש;
רויק שלאָפן די גאַסן אין שאָטן, ווי געהיימע פאַרלאָזענע גראָטן,
און מען הערט נאָר, ווי ס׳זשומען די דראָטן מיט אַ דינעם, קוים־הערבאַרן רעש...

פלעקן זילבער, ווי איינציקע שטערן, ברענען שטיל אויף דעם זייד אויף דעם שווערן
פון די טונקעלע לילאַ־פּאָרטיערן, וואָס באַוואַכן דיין איינזאַמע טיר;
ס׳שוועבן אומעט לבנהקע פלעמלעך אויף די וואַנטיקע בילדער און רעמלעך,
צינדן אָן אויפן טיש דיינע קעמלעך, וועלכע ליגן און בענקען נאָך דיר.

שלאָף, מיין קינד: אויף דיין דעקע דער דינער פּאַלט אַן אָפּשיין אַ
בלוילעכער־גרינער,

די צעשמייכלטע שטראַלן — די שפּינער שפּינען מעשהלעך אויס
דיר באַזאַכט;

אין דעם שטומען לבנהקן שמועס וויקלען מעשיות זיך אויף, ווי
רצועות,

נאָר די שענסטע לעגענדע ביסטו עס, אַ לעגענדע פון „טויזנט־איין־
נאַכט"!...

# איינמאָל

איך האָב געזען דיך אין טעאַטער, —
ווי דין דיין פּראָפיל האָט געקוקט!
מיין בליק, אַ גליקלעכער און מאַטער,
האָט פאַר דיין שיינקייט זיך געבוקט.

מיין בליק האָט דיך געקושט — און וואָ...
ער האָט נישט אויפגערעגט דיין גלאַנץ!
דו ביסט געזעסן אין דיין לאָזשע
דערפילט מיט שטאָלצער עלעגאַנץ.

עס האָט געשוועבט באַ דיינע אויגן
דיין סוד, וואָס האָט צעבליט זיך פרי;
און, מיט דיין סוד, האָט זיך באַוויגן
באַם הוט די בלויִלעכע עספּרי.

מיט אַ דערפאַרנקייט געאיבטער
פלעגט מיידן מיך דיין שטרענגער בליק;
און כ׳האָב געמורמלט, אַ פאַרליבטער,
אַ תפילה, פול מיט לייד און גליק:

„איך בענטש די רויז, וואָס אויף דיין קני ליגט,
איך בענטש דיין קלייד, דיין האַנט איך בענטש,

וואָס האָט באַגליקן ערשט באַוויליקט
דעם פליוש דעם רויטן פון פאַרענטש"...

און ס'האָט מיין בליק נאָך אַלץ געבוקט זיך,
דערציילנדיק פון יונגן צער... — — —
אין לאָזשע־טונקל האָט געטוקט זיך
אַ רויטעס פינטל פון ציגאַר...

# היאַצינטן

פֿאַרחלומטע און ראָזע היאַנצינטן!
ווי צאַרט איר זענט אין אייער לעצטער פּראַכט!
צי זעט איר איצט דעם גאָרטן דעם באַגרינטן,
וואָס איז פֿאַר אייך אויף אייביק שוין פֿאַרמאַכט?...

צי טראַכט איר איצט פֿון יענע מיידל־פֿינגער,
וואָס האָבן אייך פֿון גראָזן־בעט געפּליקט?
צי טראַכט איר גאָר פֿון מיר, פֿון יונגן זינגער,
וואָס האָט מיט ליבע אייך צום האַרץ געדריקט?

און אפשר גאָר באַדויערט איר די ענדע
פֿון אונדזער גליק, פֿון אונדזער קורצן גליק,
וואָס איז אַצינד נישט מער ווי אַ לעגענדע,
אַ טרויס, וואָס שטראַלט פֿון אייער ראָזן בליק...

פֿאַרחלומטע און ראָזע היאַצינטן!
עס שטאַרבט מיט אייך דער לעצטער גרוס פֿון איר...
אַ שוואַרצער שאָטן היט אייך שוין פֿון הינטן,
אַ שוואַרצער שאָטן טרעט נישט אָפּ פֿון מיר...



# נ אַ ר צ י ס ן

מײנע װײסע, טײערע נאַרציסן,
הערט איר, װי אין האַרצן זיפצט מײן רײם?
קײנער האָט געװוּסט און װעט נישט װיסן
אונדזער פּײן, װאָס מאַטערט אונדז געהײם...

אײער בעכער פּאַכט מיט װײסער שכינה,
אָבער דאָרטן, דאָרטן אין דער מיט
בלוטיקט לאַנגזאַם אײער האַרץ דאָס דינע,
פון די קלאָרע בלעטעלעך געהיט...

ס׳קלינגען יונג די אויפגעװאַכטע נעסטער,
ערגעץ שטיפט אַ װינטעלע אַ צאַרטס,
פריש און טויִק בליִען אײרע שװעסטער —
אָבער קײנער זעט נישט אײער האַרץ!

כ׳קוק אויף אײַך און טרערן נעמען שטיקן...
כ׳האָב שוין װען געװײנט אַזױ צי ניין?
כ׳װעל אײַך פּליקן און מײן ליבסטער שיקן:
אפשר װעט זי דאַמאָלס מיך פאַרשטײן...

*

# אַ באַזוך

עס בלאַנקט אַ לופטיק־בלאַסער פּערטל
פון דער לבנה, ערשט געבוירן.
אַ יוני־נאַכט. איך זיץ אין גערטל.
אַ ווינטל טוט מיך אָפּט אַ צערטל,
און ווערט אין גרינער וויט פאַרלוירן.

עס ברענען שוין אין בלעטער־פאַלטן
די ווערים. ס'האָט די נאַכט געמוזט עס
איר צירונג־אוצר איר צעשטראַלן
מיט ליבע־ציטערניש באַהאַלטן
אין גרינעם טונקל פון די קוסטעס.

ווער שלייכט זיך דורך אין דער אַלעע
פאַרביי מיין אָרימער אַלטאַנקע?
אַ יונגפרוי, בייגיק ווי אַ פעע,
אַ צווייטע... דריטע... ס'איילט אַ רייע
געשפּענסטער ווייבלעכע און שלאַנקע.

אָ, מיינע אַלט־געליבטע פרויען!
כ'דערקען אייך אַלע נאָך די גלידער;
אין נאַכט אין איינזאַמער, אין שעהן
פון שטערן הייליקע און טויען,

הענט איר צו מיר געקומען ווידער...

איך פלעג מיט אייך מיין ליבע טיילן,
ווי כ׳טייל מיט יעדן די געזאַנגען;
כ׳פלעג יעדן קוש און אָטעם ציילן,
דאָך נישט געקענט האָט איר פאַרהיילן
דעם דינעם פיין פון מיין פאַרלאַנגען!

דו, מיט דיין קערפּער-דופט דעם זאַכטן,
מיט לאָקן לייניקע און בלאָנדע!
מיט בליקן שטיל, ווי די פאַרנאַכטן,
און מיט אַ שמייכל אַ פאַרטראַכטן,
וואָס איז געראַבט פון דזשיאָקאָנדע!...

און דו, פון זון אַן אָפּגעברענטע,
דו, ווייטער אָפּשיין פון שולמית!
מיט מזרח-סודות אומבאַקאַנטע,
מיט הענט, צו ליבע-פרייד געווענדטע,
דיין יעדעס אויג אַ שוואַרצער פלאַם איז!...

און דו — מיט ליפּן, רויט ווי ווונדן!
כ׳געדענק נאָך גוט די שעהן יענע,
ווען ד׳האָסט אין אָרעמס מיך געבונדן,
און זיס געפּייניקט און געצונדן,
אַ דורשטיקע, ווי אַ היענע...

און דו — דו אויך? מיין טויב מיין שטילע!
נאַיווו און איינפאַך-ליב ווי גאַמען!

מיין ערשטע זינד, מיין ערשטע תפילה
צווישן שפעטערדיקע פילע, —
צ:סט אויך פאַרביי מיט זיי צוזאַמען?...

עס שטייט נאָך אַלץ אין דיינע בליקן
פאַרגליווערט ליב אַ קינדער־שאלה
מיט אַ פאַרוווּנדערטן אַנטציקן,
װאָס האַלט זיך נאָך דערווייל אין שטיקן...
נישט אייל! נישט אייל! בלייב כאָטש אַ ווײַלע...

פאַרבלייב! פאַרבלייב! נישט לאָז מיך איבער!
גיב דיינע דינע ליליען-פינגער...
כאָטש צייטווייליק דיין דופט, דיין ליבער
זאָל אויף דאָסניי צו מיר אַריבער
פון דער באַרירונג פון דער גרינגער!...

פאַרשווינדט. נישטאָ. עס וואַכן שטערן,
עס שטייגט אַ ווייסער טויען־רויכל.
פון ווייטסטער ווייטקייט, קוים צום הערן,
דערשווימט אַ שטים, געשטיקט פון טרערן:
„אָ, זיי מיר מוחל! זיי מיר מוחל!"...

## דער צווילינג־סוד.

איך האָב געפונען אַ שטיקל ברוינעם פּליוש —
עס האָט די פאַרב פון מיין געליבטערס אויגן,
איך קוש עס אָפטמאָל, און הייליק איז מיין קוש,
ווי הייליק ס׳זענען מיין געליבטערס אויגן.

ס׳האָט זיך געוואַלגערט, שוין לאַנג פון שטויב באַפלעקט,
אין בייכיקע קאָמאָדן פון מיין באָבען;
כ׳האָב מיין קמיע, נישט־האָפנדיק, אַנטדעקט
אין בייכיקע קאָמאָדן פון מיין באָבען.

דאָס איז פאַרבליבן אַנ׳אַלטער קליידער־רעשט
נאָך פון מיין באָבעס ווייטע מיידל־יאָרן;
איך זע, מיר דאַכט זיך, ווי ס׳לויכט אויף אים און ס׳לעשט
דער אָפשיין פון די ווייטע מיידל־יאָרן.

כ׳טראָג אויף מיין האַרצן דעם צווילינג־סוד אין פּליוש,
דעם צווילינג־סוד פון שטאַרבן און פון ליבע;
איך קוש עס אָפטמאָל, און הייליק איז מיין קוש,
ווי הייליק ס׳איז דאָס שטאַרבן און די ליבע.

*

## אַלעקסאַנדריט

פון אַלע לויכטנדיקע שטיינער,
אין וועמעס האַרץ די שיינקייט גליט —
איז באַנט און טייער מיר נאָר איינער,
דאָס איז דער שטיין אַלעקסאַנדריט.

אַ ווילדער גאָט האָט אים באַפּלאָסן
אַמאָל־אַמאָל מיט זיין גענאָד,
און אין זיין טיפעניש פאַרשלאָסן
אַ צווייפאַך־אומרויִקן סוד.

אַ, טוישט זיך פאַרבן אָן אַן אויפהער!
פאַרשווינדט אַוועק און קומט צוריק,
געטריי, ווי קעניגלעכע לויפער,
און העל, ווי אַ פאַרליבטער בליק!

בײַטאָג — שמאַראַגדן־שיין אַ גרינע,
אַ שיין פון זומער־גראָז, וואָס גרינט;
בײַנאַכט דערוואַכט אַ רויטע שכינה,
און זינדיק בלוט דעם שטיין באַרינט...

אַלעקסאַנדריט! מיין זעל מיין מידע
האָט שוין געלעבט אין דיר פון לאַנג,

אין ווייטע טעמפּלען פון איזידע,
צי אין אַ פּאַגאָדע באַם גאַנג...

זי האָט געלעבט אין דיר מיט פיבער,
אין דיר געצאַפּלט, — ביז צולעצט
איז זי אין גוף צו מיר אַריבער,
און דאָרט זיך מלכותדיק באַזעצט...

און נאָך אַ לאַנגן, לאַנגן שיידן
האָט זי איר צווילינג איצט דערקענט;
ס'האָט אומדערוואַרטעט זיך באַ ביידן
די פרייד פון ווידערזען צעברענט.

אָ, ברודער איינציקער און שטומער,
פאַרצויבערטער אַלעקסאַנדריט!
איך בענטש דיך, ווייל איך ווייס קיין רו מער,
זינט ס'האָט דערקענט דיך מיין געמיט!...

*

# מענעסטרעלן

כ׳בין פאַרליבט אין מענעסטרעלן, וועמעס סטרונעדיקע טרעלן
פלעגן שיטן זיך, ווי קרעלן אַרום ליבסטערס האַלדז פאַרנאַכט...
וועמעס לידער — זענען שטראַלן, נאָר צוגלייך אויך ווי קינזשאַלן,
וועלכע קענען אייך באַפאַלן אין אכזריותדיקער פּראַכט!

אָפט דערמאָן איך, ווי זיי פלעגן איבער שטיין און זאַמד פון וועגן
גיין אַן אַלטן שלאָס אַנטקעגן מיט דעם זוניקן פאַרמעג;
ס׳פאַלט דער פלאַשטש אין ברייטע שטיקער, אויף די שיך —
אַ שטויב אַ דיקער,
און אין אויגן איז נאָך ניכּר מידקייט גליקלעכע פון וועג...

שניצערייען און געמעלן אויף די ווענט און אויף די שוועלן,
אין אַ פענסטער אין אַ העלן הייבט זיך אויף די זשאַלוזי;
אַ געזיכט דערשיינט אַ רונדער, און דאָס בלוט, באַרוישט פון וואונדער,
ווי פון אַלטן וויין בורגונדער, טוט אַ זונג; „ס׳איז זי! ס׳איז זי!״...

און אין סאָד, צו דער וועראַנדע, וווּ מיט טוי שמעקט און לאַוואַנדע
גייט־אַראָפּ מיט עלעגאַנץ, די פאַרליבטע קעניגין;
ס׳קלינגען דרייסטער די מאַטיוון, און די זון באַהאַלט בכּיוון
איר געזיכט אין די אַליוון, וואָס דעם שלאָס באַוואַקסן גרין...

# אַך, זאָג...

אַך, זאָג: פאַרוואָס אין יענע שעהן
ווען ס'טוט די ליידנשאַפט אַ רוף,
ווען כ'דריק צו זיך דיין שלאַנקן גוף
און קוש דיך זאָרגלאָז, פרוי פון פרויען —
ווען מיין פאַרליבטער בליק מיין בלויער
זיין שטראַל זיין זוניקסטן באַווייזט —
פאַרוואָס שטייט פלוצלינג אויף דער גייסט
פון יונגן, אומבאַשטימטן טרויער?...

ווערט נאָר דיין נאָכגיביקער צאַפּל
אין מיינע פייערן פאַרברענט —
ווי ס'גייט שוין עמעץ, אומבאַקענט,
און שטייגט דורך אַ געהיימן שטאַפּל
פון נאָך־נישט אָפּגעקילטן האַרצן;
רייסט אָפּעט לייב פון לייב מיט גרויל,
און צווישן הייסע מויל און מויל
לויפט דורך אַ באַנד פון קרעפּ פון שוואַרצן...

ס'קען זיין, דאָס שטייגן אויף פאַרדרוסן
אויף דעם, וואָס קורץ איז אונדזער גליק,
וואָס ס'קומט קיין רגע נישט צוריק
מיט טרייע. שמייכלענדיקע גרוסן;

און אפשר גאָר מיין נאָנטער קבר
דערמאַנט מיר דאַמאָלס וועגן זיך,
דערמאַנט, אַז אַלץ וועט שווינדן גיך,
און קאַלט וועט זיין מיין יעדער אבר...



## ליבע און טויט

I.

זאָלסט מיט אַ בלומען־קרענצל קומען,
ווען ס'ווערט די טיר פון טאָג פאַרמאַכט;
דו ווייסט דאָך ווי כ'האָב ליב די בלומען,
דו ווייסט דאָך ווי כ'האָב ליב די נאַכט...

איך וועל פון קבר לאַנגזאַם שטייגן,
און דו וועסט מיך דערזען צוריק —
עס וועט מיין מויל פאַרחתמעט שווייגן,
נאָר אַלץ וועט זאָגן דיר מיין בליק.

איך וועל די בלומען דיינע נעמען,
און מיט די ליפּן קאַלט און בלוי,
וועל איך אַ קוש טון דיינע ברעמען,
ווו שטיל וועט גוססן דער טוי.

און צווישן אונדז וועט דאַן דערשיינען
אַ בלאַסע, הייליקע געשטאַלט;
אין אויג — לבנה־טרוימען שיינען,
און לעבן מויל — אַ שמאַרצן־פאַלט.

ס'איז אונדזער ליבע... ביז באַגינען

דאָרט וועלן שטיין מיר זאַלבעדריט,
ביז שאָטנס נאַכטיקע צערינען,
און שׂרשטער מאָרגן־רויש צעבליט...

II.

נישט וויין... כ׳וועל הייליקער און ריינער
דיך ליבן נאָכן טויט, מיין קינד!
ס׳וועט נישט באַפלעקן דאַמאָלס קיינער
ווי איצט מיין תפילה־ליד מיט זינד...

נישט וויין... כאָטש זיין וועל איך דערוויטערט,
דאָך זינגט פאַר דיר, פאַר דיר מיין זעל!
די ליבע ווערט אין טויט געלייטערט,
און שטראַלט נאָך מער באַם קבר־שוועל...

נישט וויין... צי קען די ליבע שטאַרבן?
צי קען אַן אייביקייט פאַרגיין?
עס איז אַן אייביק שפּיל פון פאַרבן...
נישט וויין, מיין טייערע, נישט וויין...

*

## אַ חלום

איך האָב געזען אין שלאָף אַ לאַנגזאַמע לוויה,
וואָס האָט זיך שטיל באַוועגט אין שאָטן פון פאַרנאַכט;
און דיך האָב איך געזען, מיין איינציקע, מיין טרייע —
דו ביסט געגאַנגען שטום אין טרויעריקער פּראַכט...

דיין בליק האָט זיך געטוקט אין שוואַרצן טול פון מיטה,
און קיינער האָט געזען אין לאַנגער קייט פון קעפּ,
ווי ס'פאַלט דיין טרער אַראָפּ, אַ צווייטע און אַ דריטע,
און זאַפּט זיך איין אין געץ פון דיין געדיכטן קרעפּ...

ס'האָט ווי־נישט־ווי געצאַנקט אַן איינזאַמער לאַמטערן,
און האָט אַ בלאַסן שיין אין אָוונט־לופט געזיפּט,
און טרויעריק געקוקט פון הימל האָבן שטערן,
ווי אויגן, וועלכע זשנען אין דעם טויט פאַרליבט...

געעפנט האָט זיך חוי אַ פענסטער אין אַ מויער,
אַ קאָפּ האָט זיך באַוויזן איילנדיק און גיך.
„ווער האָט די וועלט פאַרלאָזט?" האָט ער געפרעגט אין טרויער,
און עמעץ, פול מיט לייד, האָט אָנגערופן מיך...

•

## גלי־ווערעם

קומט אָן נאַר דער אָוונט, באַהויכט מיט אַ תפילה,
און קילענקע ווינטעלעך ווייען און בלאָזן —
צעפלאַמען זיך גלי־ווערעם בלויע און שטילע
אין חלום פון שאָטנס, אויף טונקעלע גראָזן...

אין הימל באַם כסא־הכבוד באַקלאָגן
מלאכים די זעלע פון טאָג פון באַשטראַלטן;
זיי קענען איר איינזאַמען שמאַרץ נישט פאַרטראָגן,
און שווער איז זיי דאַמאָלס די טרערן פאַרהאַלטן...

עס טריפן פון הימל די טרערן און טריפן,
אַ זיפץ אַ פאַרחלומטער טוט זיי באַגלייטן,
זיי פאַלן אַראָפּ אין אַ טרויער אַ טיפן
און ווערן פאַרגליווערט אויף גראָזיקע בייטן...

און זעסטו אין אָוונט: ווי קליינענקע שטערן,
די בלויזלעכע גלי־ווערעם פינקלען און שייַנען —
זיי ווייסן, דאָס זענען מלאכימשע טרערן,
די טרערן פון טרויער, פון הייליקע פייַנען...

*

# אַ שטיין

עס שטייט אין דעם פעלד אַ פאַרוואַקסענער שטיין —
אַ שטומע מצבה אויף עמעצענס טויט;
און יתומדיק שטייט ער, פאַרלאָזן, אַליין,
ווי ס'וואָלט אים דער טויטער זיין עלנט פאַרטרויט...

ווער איז ער, דער טויטער? אַ בלומיקעס קינד?
אַ בעטלער אַן אַלטינקער, מאָגער און געל?
צי איז ער געשטאָרבן אין נעפּל פון זינד,
צי אפשר אין שיין פון אַ געטלעכער זעל?...

צי קומט אַמאָל עמעץ אַהינצו צוגיין,
און פלעכט אַרום שטיין זיך אַזוי ווי אַ שלאַנג?
צי שטייגט דאַן אין פעלדער אַ שטילער געוויין,
וואָס צאַפּלט און רעדט פון אַ פיינלעך פאַרלאַנג?...

אַן אויפשריפט-באַקרוינט דעם פאַרוואַקסענעם שטיין,
נאָר ס'האָבן זי רעגנס פאַרמעקט און צעשווענקט,
און יתומדיק שטייט ער, פאַרלאָזן, אַליין,
ווי ס'וואָלט אים דער טויטער זיין עלנט געשענקט...

# אַ שאַרבן

איך שטויס זיך אָן אין לאַנקע אויף אַ שאַרבן.
ווער ווייסט, פון וואָסער צייט ער איז און וועמעס?
נאָר ס'איז אַלץ איינס! ער איז דער טיפסטער אמת!
דער ציל פון אַלע האָפנונגען און פאַרבן...

איך זע: עס לאַכט צו מיר דער טויט דער פרעכער
פון אָפגרונט־מויל פון אָפענעם און שוואַרצן,
און נעמט אַדורך די טיפקייט פון מיין האַרצן
מיט פוסטע און געהיימע אויגן־לעכער...

אָ, מענטשן־מאַרך! דו, וועלכער האָסט פאַרזיגלט
אַ וועלט אין זיך, אַ וועלט אין זיך פאַרשלאָסן!
אָ, אויגן! איר, וואָס האָט פון זון געגאָסן,
און זון און מענטש בײַ זיך אין תהום געשפיגלט!

ווו זענט איר איצט? איר פוילט, אין שטויב צעמאָלן,
און האָט זיך לאַנג אין ערדנזאַפט פאַרביטן!
כ'וועל אייער אָפשיין זען נאָר אין די בליטן,
וואָס וועלן אויפגיין אויף די פרילינגס־טאָלן.

איך שאַר אַוועק פון זיך דעם געלן שאַרבן,
דעם שרעקלעכן געריס פון אַלטע צייטן;

ער קײקלט זיך און לאַכט צו מיר פון װײטן,
און טרוקן קלאַפּן־אױס די בײנער: „שטאַרבן"...



# קוילן

איך קוק אויף דעם שטויב אויף דעם קאַלטן און שוואַרצן...
איר, טויטע, אויף אייביק פאַרלאָשענע קוילן!
אָ, וויפיל פאַרטרויט וואָלט איר מעשיות מיין האַרצן,
ווען איר וואָלט געקענט נאָר דערציילן...

נישט לאַנג נאָך געלעבט האָבן ביימעלעך גרינע,
מיט שטאָלצקייט די קעפּ צו דעם הימל געהויבן,
געאָטעמט אין זיי האָט אַ שטראַליקע שכינה;
זיי האָבן געמיינט, אַז מען קען זיי נישט רויבן...

באַטאָג פלעגט די זון זיי מיט גאָלד־שיין באַשפּריצן,
די נאַכט פלעגט זיי אָנטון לבנהקע קרוינען,
און ס'האָבן געוויגט זיך אויף זייערע שפּיצן
די זאָרגלאָזע פייגל, וואָס פלעגן דאָרט וווינען...

צום גראָז האָט זיך צאַרט לעבן זייערע שטאַמען
געטוליעט פון שאָטנס אַ נעץ אַ געדיכטער;
ס'קען זיין, אַז פאַרנאַכט, ווען דער טאָג שטאַרבט,
פלעגט קומען דאָרט רוען אַ בענקנדער דיכטער...

און אפשר באַ זיי פלעגט אַ פּאָרל אַ שטילעס
אַ ווינקל פאַר ליבע־חלומות געפינען,

און זיי פּלעגן הערן די האַרציקסטע תּפילות,
און זעען, ווי טרערן פון גליק פּלעגן רינען...

איך קוק אויף דעם שטויב אויף דעם קאַלטן און שוואַרצן —
איך קוק אויף די טויטע, פאַרלאָשענע קוילן...
ס'האָט עפּעס אַ ריס געטון טיף אין מיין האַרצן...
זיי שווייגן... זיי ווען מיר גאָרנישט דערציילן...

•

# טערצינע

אין סאָד אין האַרבסטיקן פון דיינע אויגן
שלאָגט-אָפּ אַ שיין פון טעמפּלען אומבאַקענטע,
און ציטערט דורך דעם דינעם ברעמענבויגן;

די אויגן דיינע, אין דער ווייט געווענדטע,
אַ הייליקייט אַ מיידלשע באַהאַלטן,
אַ הייליקייט פון טרוימען יונג-פאַרברענטע.

עס לויכטן זיך פון דאָרטן די געשטאַלטן
פון האָפנונגסלאָז-געשטאָרבענע באַגערן,
ווי פעדעמער פון שיין דורך שמאָלע שפּאַלטן;

זיי קענען זיך אויף דרערד צוריק נישט קערן,
נישט קלאַפּן, ווי אַמאָל, אין בלאַנקע טירן,
און פלוכן און באַגיסן זיך מיט טרערן.

נאָר פרילינגס-צייט, ווען פלוצלינג זיי דערשפּירן
דעם גליקלעך-זאַנפטן אָטעם פון די גראָזן,
וואָס איילן די באַנייטע ערד באַצירן —

דערוואַכן זיי, און ווילן, דאַכט, פאַרלאָזן
די אייביקע, די הייליקע געפענגשאַפט,

און לעכצן נאָך די ווינטן, וועלכע בלאָזן,

און בעטן זיי באַפרייען פון דער ענגשאַפט,
זיי ווילן דאַן דער גרינער ערד געהערן, —
נאָר איינזאַם בלייבט די שטים פון זייער בענקשאַפט.

דאַן וויינען זיי מיט אָנמעכטיקע טרערן,
וואָס נידערן ווי פערל, העל־צעבערענטע.
דאָס זענען ווערטער פון געהיימע שטערן,

א שטיל געבעט פון טעמפלען אומבאַקענטע.

*

# ליליען

ליליען, ווייסע ליליען שטאַרבן אויפֿן טייך.
ס׳טוט אויף זיי דער ווינט צום לעצטן מאָל אַ שלייך,
ס׳טוט פֿאַר זיי דער שטראַל צום לעצטן מאָל אַ לויכט,
און צום לעצטן מאָל דער אָוונט־טוי באַהויכט.

שטילע כוואַליעס איילן גריסן זייער ווײ,
שמעטערלינגן קומען וויינען איבער זיי,
און די בלומען־זעלן קלויבן זיך אַרום,
און זיי קניִען אַלע ציטעריק און פֿרום.

פֿאַרבן אויפֿן מערב האַלטן איין דאָס שפּיל,
ערגעץ טוט אַ זיפֿץ אַ שאָטן אין דער שטיל,
און דאָס גראָז דאָס בלייכע זיפֿצט מיט אים צוגלייך.
ליליען, ווייסע ליליען שטאַרבן אויפֿן טייך.

*

# סאָנעט

עס זענען שוין די ווייטע הימל־קאַנטן
געווען מים אָראַנזשן־בלוט באַטריפט;
מיין אָוונט־האַרץ האָט שטיל זיך דאָרט גע[illegible]
צעוויגט פון שמאַרץ פון זיסן און באַקאַנטן.

און ס'האָבן, אין אַ קעניג־שטאָלץ פאַרטיפט,
געיאָגט זיך אומגעלומפערטע גיגאַנטן,
געטריבן שנעל אַ פערד אַ רויט־געשפאַנטן
מיט פיילן, אָנגעזעטיקטע מיט גיפט...

אַדורכגעטראָגן האָבן זיך די ריזן
מיט פיילן און מיט בלאַנקנדיקע שפיזן,
ווו אויפן שפיץ געברענט האָט ווילדע דורשט;

אַליין, אויף דרערד, אין שטויב פון אַלטע וועגן,
איז טויט מיין האַרץ — מיין שטילעס האַרץ — געלעגן,
פון פיילן און פון פערדן־פוס צעמורשט...

*

# איר טויט

געלעגן שטיל איז זי אין בעט,
און ס׳האָט אין יעדן פּנים־פּאַלט
אַ נישט־דערוועבטער טרוים געשטראַלט,
אַ נישט־דערזונגענער געבעט...

די בלויע נאַכט האָט ווייך באַשטרוימט
מיט בלאַסן שימער איר געזיכט,
און האָט מיט שיין־געוועב געדיכט
די האָר אין זילבער־קרענץ באַזוימט...

און ווייסע בלומען האָבן שטום
גערוט צופוסנס, צאַרט און העל,
דער ריינער ציטער פון איר זעל
האָט ווי געווייט פון יעדער בלום...

באַם פענסטער אין אַ ווייסן קלייד
האָט ווער געקוקט, דעם קאָפּ גענייגט,
די הענט אין פיין צונויפגעלייגט,
און האָט געטרויערט שטילערהייט...

ס׳קען זיין, די פרילינגס־נאַכט אַליין
איז עס געשטאַנען, קיל באַטויט,

און האָט באַוואַכט דעם יונגן טויט,
אין איינגעהאַלטענעם געוויין. . .



# טרויער

ס'איז היינט באַ מיר אַ טרוים געשטאָרבן,
ווי ס'שטאַרבן בלומען אויף אַ בייט;
כ'האָב נעכטן אָוונט אים דערוואָרבן,
און היינט — זיין לעצטן הויך באַגלייט!

איך קען דיך היינט נישט זען אין העלן,
ס'פאַרשוועכט מיין ווי דיין ראָז געוואַנט...
צי זעסטו נישט, ווי טרערן קוועלן,
און פאַלן זודיק אויף מיין האַנט?...

טו אָן אַ קלייד אַ טונקל-שווערן,
ווי טונקל-שווער ס'איז מיין פאַרלוסט,
און זוים-אַרום מיט שוואַרצע שטערן,
מיט שוואַרצע פאַטשערקעס דיין ברוסט...

זאָלסט פאַרזיכטיקער היינט זיך דריקן
צום האַרצן, ליבסטע... נישט פאַרגעס:
פאַרשטעלט פאַר חוצפּהדיקע בליקן,
דאָרט רוט דער מלכותדיקער מת...

*

## דער טויט פון בלומען

אין שמאָלענקע, אין גלעזערנע באָקאַלן,
וויּ ווייסע כּרובים, שטאַרבן כריזאַנטעמען.
און הער איך ווי די צאַרטע בלעטער פאַלן,
דאַן דאַכט, ווי כ׳וואָלט דעם שאָרך פון טויט פאַרנעמען.

אַ יונגער טרויער פילט זיך אין דער לופטן,
אין שאָטנס לעשט זיך ערגעץ אַ נחמה;
און ס׳ציטערט נאָך אַ קנויל פון לעצטע דופטן,
אַזוי ווי אַ פאַרוואָגלטע נשמה.

אַ שטראַל אַ הייסער קלאַפּט זיך אין די שויבן:
אַ ליכט פּאַר בלומען שטאַרבנדע צוקאָפּנס;
און ס׳דאַכט: זיי בעטן אים, ער זאָל דערלויבן
וואָס לענגער טרינקען זיינע גאָלדנטראָפּנס...

דער טאָג דער בלויער קאַרגט נישט זיינע שטראַלן,
דאָך שווער איז אים דעם בלומען־ווײ פאַרנעמען.
באַ שמאָלענקע, באַ גלעזערנע באָקאַלן
באַוואַכט דער טויט די ווייסע כריזאַנטעמען.

# אין אלטן הויז

איך גיי אַרום אין אַלטן הויז.
די נאַכט שטייט הינטער די גאַרדינען.
איך גיי אַרום און איך אַנטבלויז
דעם ווייטן עבר אין מיין זינען.

אַן אָפּשיין פון פאַרליבטן דור
אין יעדן ווינקל זע איך שוועבן,
און ווי אַ חלום אויף דער וואָר
זעט אויס אין הויז דאָס גאַנצע לעבן.

ס'פאַרגליווערט אַלץ אַ שטרענגע רו,
און נאָר דער קיילעכדיקער זייגער,
געהילט אין שפּינוועבס ווי־נישט־ווו,
דערציילט וואָס אויף זיין אַלטן שטייגער.

אַן אָפּגעוועלקטער שפּיגל גרויט,
עס דאַכט — ער האַלט ווו טיף פאַרזיגלט
געשטאַלטן, וועלכע זענען טויט,
וואָס האָבן זיך אַמאָל געשפּיגלט.

עס קוקן דורך דעם גלאָז פון שאַנק
אין־זיך־פאַרטיפטע, דיקע ספרים;

דאָ רוט אין שטויב אַ ווייט געדאַנק,
דאָ רוען שטילע טרוימען־קברים.

און אויגן, אויגן רינגלען אום,
עס דאַכט — זיי מאָנען וואָס און בעטן;
דאָס בייגן איבער מיר זיך שטום
געהיימע, טונקעלע פּאָרטרעטן.

אָט קוקט אויף מיר אַ גרויס געשטאַלט:
כ׳גיי צו און איך דערקען מיין זיידן;
מיר קוקן אָן זיך ביידע קאַלט,
און ס׳דאַכט — איין סוד פאַרייניקט ביידן...

און ס׳גיט אין קאָפּ אַ פינקל ווילד:
ס׳וועט אויסשלאָגן די שעה פון שיידן,
און שטום וועט הענגען דאָ מ י י ן בילד,
ווי ס׳הענגט אַצינד דאָס בילד פון זיידן...

*

# לבנהדיקע שטיינער

(טערצינען)

איך ליב פון לאַנג שוין די לבנה־שטיינער,
די שטיינער, וועלכע לייכטן נאָר בײַנאַכט.
אַ שימער אַ קריסטאַלענער און רײנער

אין זייער קאַלטער טיפעניש דערוואַכט,
און ס׳בייטן זיך פאַרשידענע קאָלירן,
וואָס ברענגען גרוסן פון אַ וויטער פראַכט.

און כ׳פיל מיך דאַן אַזוי, ווי ס׳וואָלט באַרירן
די אויגן מיר אַ בלאַסע צויבער־האַנט,
און וואָלט מיך אין לבנה־לענדער פירן.

איך שטיי פאַרטרוימט און קוק ווי יעדער ראַנד
פון האַרטן שטיין געבוירט אַ פלאַם אַ קאַלטן,
וואָס שיינט און טושט די פאַרבן נאָכאַנאַנד.

ער ווייכט פון טאָג, פון שרייענדיק-צעשטראַלטן,
און נאָר דער נאַכט פאַרטרויט ער אין דער שטיל
זיין שיינקייטס־קוואַל, וואָס ליגט אין אים באַהאַלטן.

אַזוי איז אויך מיין זעל, וואָס גאַרט און וויל

אויף טונקעלע, געהיימע שטעגן טרעטן:
דאַן שטראַלט זי אויף אין שענסטן פֿאַרבן־שפּיל

און זינגט אַנטציקט די הייליקסטע געבעטן.

❁

## קרעפּ

פֿאַרטרויערטע פרויען־געזיכטער און צאַרטע,
מיט קרעפּ, ווי מיט טונקעלע שאָטנס, פאַרהילטע!
איר לויכט מיט אַ ווייטיק פון טרוימען גענאַרטע,
וואָס שפּיגלט זיך אָפּעט אין טרערן פאַרקילטע.

עס מאָלן זיך דין אויף דעם פּנים דעם בלייכן
פון אונטער די אויגן צוויי בלוילעכע זוימען:
אַ פיינלעכער צייכן, אַ רירנדער צייכן
פון איינזאַמע שעהן, פון האַרבסטיקע טרוימען...

עס קוקן די אויגן אין הילפלאָזן אומעט,
ווי וואַלד־שטראָמען טריבע, מיט גרינקייט פאַרצויגן,
און ס׳רינגלען זיי דינעקע ברעמען אַרומעט,
ווי ווערבעס, וואָס שטייען באַם וואַסער געבויגן...

איך ליב אייך! איר טראָגט אין דער טיפקייט באַהאַלטן
אַ שיינקייט פון שטילע און הייליקע ליידן...
איך ליב אייך, פאַרטרויערטע פרויען־געשטאַלטן,
ווי ס׳ליבט אייער קערפּער אין שוואַרצן זיך קליידן!...

*

* *
*

אין דער מדבר פון מיין טרויער,
וווּ עס וואַקסן שמאַרץ-געוויקסן,
ווּ מיין שאָטן איז מיין פּאַזש —

עפנט-אויף די פּראַכט איר טויער
פון בערילן און אָניקסן,
און ס'צעשטראַלט זיך אַ מיראַזש...

אָ ווייטע, אָ פאַרביקע פּאַטאַ-מאָרגאַנאַס,
כ'זע לייביקע גריוועס און דינע ליאַנעס!...

ס'איז דאָס שענסטע פון די לענדער,
ווּ עס שטייט דאָס הייליק וויגל
פון דער מענטשהייט און מיין שטאַם;

רייך מיט טשאַלמעס און געווענטער,
רייך מיט טאָלן און מיט היגל,
און מיט דופטיקן באַלזאַם...

אָ ווייטע, אָ פאַרביקע פּאַטאַ-מאָרגאַנאַס,
כ'זע מילגרוימען רייפע און רייפע גיטאַנעס!...

ס׳איז דאָס פאָטערלאַנד פון טיגער
פון ציפּריסן און שאַקאַלן,
פון מדבריות און פון שיין;

פון די מלכותדיקע קריגער,
און פון פרויען און פון שטראַלן,
פון געזאַנגען און פון וויין...

אָ ווייטע, אָ פאַרביקע פאַטאַ־מאָרגאַנאַס,
אַ פרייד־ציטער פיל איך, בשעת איך דערמאָן עס!...

*

# מזרח

יאָנט איז מיר דאָס לאַנד ווו פּאַלמען גרינען,
ווו עס שטייט די גאָלדנע וויג פון זון;
זיינע בלוטן אין מיין קערפּער רינען,
און איך בין זיין אויסדערוויילטער זון.

ס'טראָגט מיך אָפט מיין טרוים אַוועק פונדאַנען,
מדבר־זאַמדן שפּרייט ער אויס פאַר מיר,
און ער פירט פאָריבער קאַראַוואַנען,
פול מיט ווילדן, שטראַלנדיקן ציר.

אָט לויפט־אָן אין שטויב־געדרייטע זאַלן
פון דער ווייט אַ גליִענדער זאַמום,
טרייסלט אויף דעם הייסן זאַמד אויף מיילן,
און ער טאַנצט מיט אים אין מדבר אום.

האַסטיק פליט ער, און ס'באַגלייט מיין אויג אים,
ביז ער ווערט פאַרפאַלן ערגעץ־ווו...
און אָט ווינקען שוין צו מיר אתרוגים,
און אַ שאָטן לייגט מיר פאַר זיין רו.

כ'זע באַם בוים אַ טעפּיך אַ געגנייטן,
דורכגעשטרייפט מיט דינע פאַסן גאָלד,

מיט פֿאַרשידנפֿאַרבנדיקע קווייטן
איז דער טעפּיך יענער אויסגעמאָלט.

און אויף זײַנע זײַדנס זע איך ליגן
ווײַס־געקרוינט, אַן אַלטן, גרויען מאַן,
מיט אַ רירנד־ציטערדיקן ניגון
לייענט ער דעם הייליקן קאָראַן.

ס'שווינדט דאָס בילד. איך זע שוין מינאַרעטן,
עמעץ שטייט דאָרט אינדערהייך און רופֿט,
רופֿט צו די פֿאַרנאַכטיקע געבעטן
אין דער ראָזער, מידער אָוונט־לופֿט.

ווײַסע טויבן קומען און פֿאַרשווינדן
ווי די תּפֿילות פֿון אַ שטילן פּײַן,
און די לעצטע זונען־שטראַלן צינדן
זייער ווײַסקייט מיט אַ ראָזן שײַן.

ס'שלײַכן דורך זיך מיידלשע געשטאַלטן,
דאָס געזיכט פֿאַרוועבט מיט אַ געוואַנט;
ס'דאַכט, זיי טראָגן אונטער אים באַהאַלטן
אַ געהיימען טרוים פֿון זייער לאַנד.

ס'איז מיר טײַער זייער לאַנד דאָס העלע,
און זײַן טרוים זײַן שטאָלצער איז מיר נאָענט;
און עס דאַכט זיך אָפֿט מיר, אַז מײַן זעלע
האָט אַמאָל אין יענעם לאַנד געטראָגנט.

## אַ כּלה־ליד

זאָלן שאַלן
די צימבאַלן,
העל זאָל פאַלן קלאַנג נאָך קלאַנג,
זאָלן שפּינען
טאַמבורינען
זייער האַרציקן געזאַנג!

גריסט זשע אַלע
מיך, די כּלה,
ס'ווערט נתגלה הייַנט מיַין סוד!
לידער, בלומען
זאָלן קומען
האַנט־אין־האַנט צום קאַראַהאָד!

וויַיטער, ברייטער,
און צעשפּרייטער,
אַלץ דערפרייטער פירט דעם קריַיז!
איך — אין מיטן
מיט די בליטן,
מיט די קראַנצן רױז און וויַיס...

ס'האָבן הי...

פול מיט מירטן
מיין פאַרצירטן בעט באַזייט;
קומען מעג ער
צום געלעגער —
ס'איז שוין אַלץ בײַ מיר געגרייט...

צעדער־צווייגן
האָרכן, שווייגן,
בשמים שטייגן פון דער קרוג —
אַלע וואַרטן
דעם געגאַרטן...
שאַ... ס'מוז גיין דער קעמלען־צוג!...

כ'הער אַ קלינגען...
צי דאָס זינגען
מיינע רינגען אויף דער האַנט?
שטיל! נישט עטמען!
אַך, אָט זעט מען
שטויב און פאַרביקן געוואַנט.

ס'קומט מיין חתן
זון־באַפּלאָסן...
ווי אַנטשלאָסן לויכט זיין בליק!
העי, איר מיידן,
לאָזט אונדז ביידן,
לאָזט אונדז אויפנעמען דאָס גליק!

נעמט, צימבאַלן,

העכער שאַלן,
העל זאָל שטראַלן אייער שטים,
ווען מיט בליקן,
פול אַנטציקן,
וועל איך צופאַלן צו אים...

*

# זאַלאָמעס טאַנץ

פאַר דעם מלך דעם אַנטציקטן,
פאַר די געסט און וועכטער־רייע,
אויף אַ טעפּיך אַ געשטיקטן
טאַנצט פאַרשיכורט זאַלאָמעע.

טאַנצט אין ליידנשאַפטס־געוויטער,
ווי אַ יונגע, שלאַנקע געטין,
און ווי סטרונעס פון אַ ציטער
קלינגען רינגען און בראַסלעטן.

ס'ווייען פלאַטערדיקע בענדער
ווי גירלאַנדעם העלע רויזן,
זיבן לופטיקע געווענדער
איילן אָפּט איר לייב אַנטבלויזן.

און אַ מאַטאָוועס אינגאַנצן,
מיט אַ גאָלדן־ברוינעם שאָטן,
זינקט־אַדורך איר לייב אין טאַנצן,
פון אַ בענדער־נעץ פאַרשאָטן.

לאַנגע לאָקן־שלאַנגען שפּילן,
און זיי נידערן און פאַלן

ביז די פיס; עס דאַכט — זיי ווילן
שטיל אַ קוש טון די סאַנדאַלן.

ז׳לאַכן העל די ווייסע ציינער,
שוואַרצע אויגן-ברונעמס בלענדן,
און געפּאַסט אין טיירע שטיינער,
כאַפּט אַרום אַ פּאַס די לענדן.

ס׳איז אַ ווילדע פּראַכט פּאַרהאַנען
אין די בייגעוודיקע גלידער,
אין דעם שטורעם פון טימפּאַנען,
אין דעם קלאַנג פון האַרפן-לידער.

און פון צווישן מאַרמאָר-בילדער,
פון די טרעפּ און גאַלערייע
הילכט אַן אויסגעשריי אַ ווילדער:
„זאַלאָמעע! זאַלאָמעע!"...

## אַ טרוים

מיר טרוימט: איך בין אַ יונגער זיגער
אין אומבאַקאַנטע מזרח־לענדער.
איך רו מיך אָפּ אויף פעל פון טיגער,
געקליידט אין פאַרביקע געווענדער.

עס רוט מיט מיר מיין פייל און בויגן,
מיין ליבסטער חבר און געטרייער,
די פרייד פון זיג צעברענט די אויגן
מיט אַ געהיימען ווילדן פייער.

אַ פּאַלמע שטייט ווי אַ פּרינצעסין,
און וויל מיין רו מיט שאָטנס שיצן,
אַ ליבע־ליד זינגען די ציפּרעסן
מיט דינע שטראַלנדיקע שפּיצן.

צופוסנס שמייכלען די אַלאָע,
ווי גוטע קינדער אין אַ וויגל;
און לאַנגזאַם שטייגן רינגען בלויע
פון דין־געשניצטן בשמים־קריגל.

איך טו אַ ווונק צו מיינע וועכטער —
און פון די בערגער־היילן קומען

די יונגסטע, שענסטע מזרח־טעכטער,
באַקרוינט מיט ערשט־געפּליקטע בלומען.

זיי טאַנצן, לופּטיק ווי גאַזעלן,
און זינגען, וויגנדיק די לענדן;
און ס׳פלאַטערט אין די יונגע טרעלן
דאָס ווייטע עכאָ פון לעגענדן.

עס שוועבט אַ לאַנגע קערפּער־סטענגע,
אַ לאַנגע שנור פון שוואַרצע אויגן;
און בליקן פאַלן שאַרפע, שטרענגע,
ווי פלינקע פיילן פון מיין בויגן.

עס קומען אָן די טונקל־שטונדן,
אין מערב לעשן זיך די פלאַמען — —
און אַלע ווערן באַלד פאַרשוווּנדן,
נאָר איינע בלייבט מיט מיר צוזאַמען.

די ברעמען ציטערן פון תענוג,
די ליפּן ברענען, און איך לייען
אין אירע אויגן: „מערער פייניק!
„ווי זענען זיס די ליבע ווייען״...

די פּאַלמען רוישן שטיל און זינגען,
און בענטשן מיך, דעם יונגן זיגער,
און ס׳טאַנצן־אום לבנה־רינגען
אויף די געפלעקטע פעל פון טיגער.

*

# לעילעס לידער

(גאזעלעס)

I.

ראָזע שאָטנס זענען אויסגעשפּרייט פון לאַנג,
און אַנטשטומט דער מועדזין האָט שוין פון לאַנג;
כ'זיץ אַליין באַם הייליק בוך,
אָבער קאַלט איז דער קאָראַן פאַר מיר פון לאַנג;
מיט דעם טייערסטן גערוך
שמעקט מיין קערפּער שמעקט מיין מיידלשער פון לאַנג;
און מיין זיידן פאַרביק טוך
אויף די שולטער מיינע ציטערט שוין פון לאַנג;
כ'זוך און ווייס נישט וואָס איך זוך —
ס'רייצט אַן אויפרעגונג אַ זיסע מיך פון לאַנג;

כ'וואַרט, סעלים, אויף דיין באַזוך!

*

II.

באַ די מאַנדלען וועל איך וואַנדלען שטיל אָן דיר,
אין די בשמימדיקע נאַכט־שעהען אָן דיר;
באַ אַ בוים אַ יונג־צעבליטן
וועל איך זינגען, ווי ס'איז שווער צו זיין אָן דיר;
ס'וועלן פאַלן דינע בליטן
און פאַרוועלקן דאָרטן יתומדיק אָן דיר;
ס'וועלן שטערן זיך צעשיטן,
אָבער קאַלט וועט זייער שימער זיין אָן דיר;
אַ לבנה וועט אין מיטן
בלייכן שטום אין שטאַרער איינזאַמקייט אָן דיר,

און מיין צער מיין שטילן היטן.

## די גיטאַנע

פאַרלעשט די נאַכט אין אומגעדולד אין פרעכער
דעם אָווגטס בלויען, ציטריקן געבעט,
דאַן שלייך איך מיך אַדורך, ווי אַ פאַרברעכער,
צום רופנדיקן ווייטן קאַבאַרעט.

איך זעץ מיך בײַ אַ טישל אין אַ ווינקל,
און כ'וואַרט דאָרט, — פון עלעקטרי־שיין באַשטראַלט —
ביז ס'טוט אויף דער עסטראַדע העל אַ פינקל
דער טענצערינס עלאַסטישע געשטאַלט.

אַך, גאָט — איר לײַב! כ'גלי־אויף, ווען איך דערזע דאָס
אין בראָנזענעם, אין טונקל־גאָלדנעם בלאַנק!
ווי אַ באַגוּלדעטער שטײַפער שווערט טאָלעדאָס —
איז עס געפערלעך, בײַגעוודיק און שלאַנק!...

די שפּעטע נאַכט־שעה אין מײַן כוס שאַמפּאַניער
צינדט רײַכער אָן דעם רייץ פון ברוסט און פוס,
וואָס אָטעמען מיט דרייסטן שטאָלץ פון שפּאַניער,
מיט פיבערדיקן ווייטיק פון געגוס...

פון יעדן טראָט, דעם זוניקן און קלאָרן,
פון יעדן בייג, דערפילט מיט ליבע־קראַמף, —

בליצט־אָפּ די ווילדע פּראַכט פון מאַטאַדאָרן,
בשעת אין צירקוס הילכט דער אָקסן־קאַמף...

איר יעדער אָרעם־פּאָך, אַ קער אַ יעדער
טראָגט־אָן אין לופט אַ פּאַליענדיקן ווינט
פון באַרסעלאָנאַס פּאָמעראַנצן־סעדער,
וווּ אין דעם טונקל רייפן פרוכט און זינד...

אָ, שווער איז פון איר שיינקייט זיך צו רעטן,
ווען, צווישן פינגער, צאַפּלען־אויף בײַ איר
די תאווהדיקע, דראָבנע קאַסטאַניעטן,
צעשיטנדיק אַ פייער־שטויב אין מיר...

אין ווינקל זיפצט פון מידקייט שוין די פּיאַנע,
און סקלאָגט זיך שוואַך די פידל און די פליית —
נישט מיד איז נאָר די בייגיקע גיטאַנע,
און דרייט איר טאַנץ, פון לײַדנשאַפט באַגלייט...

*

# די טענצערין

צוישן רויך, באַם קלאַנג פון גלעזער
טאַנצסטו, שפּרייטנדיק די הענט;
ס'זינגט דיין גוף דיין גראַציעזער
וועגן זוניקן אָריענט.

האָסט פון לאַנג פאַרלאָזט מצרים,
דיין באַשטראַלטן היימאַטס-ברעג,
נאָר דו פילסט אין טאַנץ אויפסניי איצט,
און דו זעסט פאַרשוועבטע טעג:

אָוונט. ס'שטייגט דער ערשטער שטערן,
אין אַן ענגען, שמאָלן הויף
אַ פאַרוואָרפענע טאַווערן.
לאַנגזאַם קלויבט מען זיך צונויף.

עס צעוויינט זיך ווי אַ גינגער,
די קראָטאַלן העלפן מיט;
ס'צאַפּלען אויפעט דיינע פינגער,
און — דער מזרח-טאַנץ צעבליט.

אין דער נאַכט פון דיין שוואַרצאַפּל
פינקלט-אויף אַ ווילדע פרייד,

און אַ לײדנשאַפטלעך צאַפּל
דײַנע נאָזלעכער צעשפּרײט.

מיט אַ ציטער מיט אַ גרינגן
ריטמיש טאַנצנדיק מיט דיר,
נעמען זינגען דײַנע רינגען
און פֿון פּאַטשערקעס די שניר.

צווישן בערדיקע עגיפּטער
ווינקט פֿון פֿאַרביקן געמיש
דײַן געליבטער, אַ פֿאַרליבטער
אין דײַן גוף און אין האַשיש.

פֿילסט, ווי ס'ברענען זײַנע בליקן
אויף דײַן לײַב בײַ יעדן קער,
און ס'איז שווער דיר צו דערשטיקן
דײַן באַהאַלטענעם באַגער.

שנעלער נעמען זיך באַוועגן
דײַנע אומרויִקע בריסט,
ווי זיי וואָלטן אים אַנטקעגן
מיט אַ ליבע-ווײ באַגריסט.

נאָר — געענדיקט איז דאָס טאַנצן,
ס'רײַסט זיך אָפּעט די מוזיק,
און ס'צערינט דער טרוים אינגאַנצן,
טרערן שענקנדיק דײַן בליק.

# הערא און לעאנדער

אין יעדן אָוונט ווען, אַ מידעס,
פלעגט אויסגיין שטום דאָס האַרץ פון וועלט —
פלעגט ער פאַרלאָזן דאַן אַבידאָס,
זיין שטילן, היימישן געצעלט.

עס פלעגט אים וויגן אויף איר רוקן
די בלויע וועל פון העלעספאָנט,
און מיט אַן אומרו פלעגט ער קוקן
אין ווייטן, ווייטן האָריזאָנט.

ער פלעגט דערשווימען צו די ברעגן,
צום טעמפל-שלאָס, וואָס איינזאַם שטייט,
און זי פלעגט לויפן אים אַנטקעגן
מיט אָרעמס, אויסגעשטרעקטע ברייט.

ער פלעגט גראַנאַטן-פרוכט איר ברענגען,
און אייל, וואָס העלפט צום ליבע-וויי,
און פלעגט איר שלאַנקן האַלדז באַהענגען
מיט שטיינער העלע אַלערליי.

פלעגט ברענגען איר אַ שנור אַ רונדן
פון גאָלדן-ברוינלעכן בורשטין,

פון האַלצעדאָגנען און קאָרונדן,
און פון שמאַראַגאַדן, גראָזן־גרין.

און בלוטיק־רויט, ווי אַ קאַרבונקול,
פלעגט זינדיק ברענען העראָס מויל;
און ס'פלעגן לייבער צוויי אין טונקל
פאַרפלעכטן דאָרט איין הייסן קנויל.

זיי פלעגן פלאַטערן, צעגליטע,
מיט האַלב־פאַרשיקטער מורמלעריי, —
און איבער זיי פלעגט אַפראָדיטע
באַשיצן דאָס געלעגער טריי.

און פלעגט מיט נייגער דער באַגינען
פאַרקוקן שטיל אין אַמבראַזור,
און מיט אַ בלויען רויך באַשפּינען
אַרום די דרעמלענדע נאַטור —

פלעגט שוין לעאַנדר שווימען ווידער
מיט בליקן בענקנדע באַגלייט,
באַגלייט מיט ציטערדיקע לידער,
ווי מיט אַ דינער, ווייטער פלייט.

פון לאָטאָס־וויין און ליבע שיכּור
פלעגט זינגען העל דאָס האַרץ אין ווען,
און זוניק זיין פלעגט דער צוריקקער
צום ערשט־דערוואַכטן היימאַטס־ברעג.

*

# דאָס ליד פון שקלאַף

איך בין דער מלכּהס טרייער דינער,
איך שיץ איר רויִקייט און היט,
און ווי איר זיידן-שלייף דער דינער,
גיי איך איר נאָכעט טריט באַ טריט.

מיין היימאַט-לאַנד איז ווייט פונדאַנען,
און קיינעם אַרט נישט אין די נעכט,
וואָס ערגעץ צווישן די פּלאַטאַנען
פאַרלירט אַ זיפץ דער שוואַרצער קנעכט.

כ׳בין קאַלט צום שלאָס פון ראָזער יאַשמע,
צום טראָן פון גאָלדיקן בורשטין —
איך קוש מיט ווייַ די קלענסטע טאַשמע,
דעם קלענסטן באַנד פון קעניגין.

ווען מיט די איבעריקע טרעגער
איך טראָג זי לאַנגזאַם אויף איר בעט,
דאַן פילט זי נישט אויף איר געלעגער
ווי צאַרט איך קוק, ווי שטיל איך בעט.

זי רוקט פונאַנדער אָפּט די שפּאַלטן
פון פיאָלעטן פאָרהאַנג-זייד —

דאָך מוז איך שטום מיין וואָרט באַהאַלטן,
און נישט דערציילן ווי איך לייד.

אַ דינער ריח פון באַלזאַמען
פון בשמים זוניקע שלאָגט־אָפּ
מיט דופט פון פּרויען־לייב צוזאַמען
און נעפּלט שיכּורדיק מיין קאָפּ.

די בלויזע אָרעמס אין בראַסלעטן,
און רינגען גאָלדענע אין נאָז —
נאָר אירע אויגן, דאַכט זיך, שפּעטן,
און ס'טוט מיט שטאָלץ פון זיי אַ בלאָז.

עס קומט די נאַכט. איך ווייס פונוואַנען
ס'קלינגט אָפּ אַליידנשאַפטלעך קוש.
כ'ליג ערגעץ צווישן די פּלאַטאַנען,
און שיק מיין קללה און מיין גרוס.

# מזרח־אויגן

אין קוק איך ווען אין דיינע שוואַרצע אויגן,
צעוויקלט זיך אַ מזרח־נאַכט פאַר מיר,
אין זומער־דופט, אין נעפּל־טוי באַצויגן,
מיט גרויסע שטערן, חי מיט פּערל־שניר...

ס'באַוועגט זיך ווייט און וויגט זיך אום אַ פלעמל,
אַזוי ווי ס'וואָלט געבּרענט דאָס האַרץ פון נאַכט:
עס פירט, מסתמא, עמעץ דאָרט אַ קעמל,
דורך פייכטן גראָז, פון פּאַלמען־צוים באַוואַכט...

עס טוט אַ שאָרך אַ ווײנשטאָק ווי אַ גרינער,
און ס'מישט זיך אויס דער קלאַנג אין שטומען פעלד
מיט ווייטע לידער פון אַ בעדואינער,
וואָס ליגט נאָך וואַך באַם ברעג פון זיין געצעלט...

און שליסט דעם בליק דער שוואַרצער ברעמען־בויגן,
און קומט דער שלאָף דער מיידלשער צו דיר, —
דאַן דאַכט מיר אַלץ: עס וואַכט נאָך אין די אויגן
די מזרח־נאַכט מיט אירע שטערן־שניר...

*

# בענגאַלישע רויזן

(סאָנעט)

אָפּט וויזט מיין טרוים אַ טעמפּל פון בראַמינער
באַם הייליקן און מלכותדיקן גאַנגעס;
דער אָוונט איז שוין צוגעפאַלן לאַנג,
און ס'אָטעמט קיל דער ברעג דער טונקל-גרינער.

כ'זע רויזן דאָרט בענגאַלישע... ווי באַנג
און תפילהדיק איז זייער דופט דער דינער!
און אָט דערזע איך בודאַס טרייע דינער,
זיי גייען מיט אַ לאַנגזאַמען געזאַנג...

באַם בילד פון סיוואַ רייכערן זיך בשמים,
און ס'רינגלט אום אַ העלער מענטשן-שטראָם אים —
פון דופט און פון גאָטספאַרכטיקייט אַ ראַם;

עס שמייכלט קאַלט דאָס שטרענגע פּנים סיוואַס,
און עס פאַרטויבט די ווייטע גרינע סביבות
דער הייליק קלאַנג פון הייליקן טאַם-טאַם*).

*) אזא אינסטרומענט; אַ מין גאָנג.

# קלעאָפּאַטרע

ס׳שטייגט אין הימל דער סיריוס דער בלאַסער
וי אַ טוי־טראָפּן ליכטיק און שטיל,
און ער טובלט זיך לייכט אין דעם וואַסער
פון דעם מלכותדיק־טונקעלן ניל.

ס׳טוט אַ שלאַנקער און בלוילעכער לאָטאָס
ווי־נישט־ווי זיך אַ וויג אין דער נאַכט:
אַ פאַרחלומטער ווינטעלע האָט דאָס
אים אַ גרוס פון אַ פּאַלמע געבראַכט.

ס׳שלאָפט דער פּאַלאַץ אין שימער אין בלאַסן
ס׳ליגן שאָטנס ווי בענדער פון קרעפּ
אויף די מאַרמאָרנע, ווייסע טעראַסן,
אויף די ריזיקע זיילן און טרעפּ.

דאָרט, אין איינעם פון ווייטע הדרים,
קלעאָפּאַטרע אַן איינזאַמע ליגט;
ס׳פאַלט דאָס העמד, און ס׳אַנטבלויזט זיך איר אָרעם,
און אַן אומרו די ברוסטן צעוויגט.

ס׳שטייגט אַ בשמים־רויך בלוי פון אַ בעכער,
שיכּורט איין, זאַפּט זיך איין אין איר קלייד,

און אַ ליד זינגט דער קערפּער דער פרעכער.
און ער פלאַטערט פון ליבע און לייד.

ס'ליגט די מלכּה פון לוסט און עגיפּטן,
און, אין בענקשאַפט נאָך אָרגישע נעכט,
וואַרט זי אָפּ איר געטרייען געליבטן,
איר געליבטן — אַ יונגענקן קנעכט.

און עס וואַרט דער געלעגער אַ גרייטער,
דער געלעגער פון פּורפּורנעם שטאָף;
מיט אַן אייביקערליידנשאַפט ווייט ער,
און אויף אייביק איז פרעמד אים דער שלאָף.

אין די שאָטנס פון זייד-באַלדאַכינען,
באַם מעלאָדישן שטאַנגען-געוויג,
וועלן קערפּערס דאָרט צוויי ביז באַגינען
אָן אַן אויפהער זיך שלענגלען פון גליק.

עס וועט קלינגען דאָס בלוט אין די שלייפן,
און אין האַסטיקן הענטנגעפלעכט,
וועלן שמאָלע און גאָלדענע רייפן
לאָזן שפּורן אין לייב פון דעם קנעכט.

באַלד וועט קומען דער ליבסטער, דער שענסטער,
נאָר דערווייל איז אין פּאַלאַץ נאָך שטיל — —
ס'קוקט דער סיריוס און שמייכלט אין פענסטער,
און עס זינגט פונדערווייטן דער ניל...

# באָם האָפן

ווי ריזן שטייען לעבן ברעג די שיפן,
צום אָפּשווימען אין ווייטן לאַנד געגרייט:
דער ים איז העל און זוניק־בלוי געשליפן,
און זעגלען זינגען, יום־טובדיק צעשפּרייט.

אין ווייסע פּאַלטן ברומט דער מאָרגן־אָטעם,
און אומגעדולדיק צאַפּלט דאָס געוואַנט,
און רייסט זיך צו די ווייטע ווילדע שבטים,
און איז דעם דראַנג נישט איינהאַלטן אומשטאַנד.

ס'וועט אויפשטייגן פון וואַסער באַלד דער אַנקער
און זעגענען זיך רויִשיק מיט דעם ברעג;
אַ שוימען־פּאַס אַ זילבערנער און שלאַנקער
וועט מיטגיין אין דעם אומענדלעכן וועג.

און איך וועל בלייבן ווידער דאָ באָם האָפן,
באַגלייטנדיק די שיף צום האָריזאָנט, —
צום לאַנד פון זאַמד, פון אָפּגעברענטע שקלאַפן,
צום לאַנד פון זון, וואָס איז פון לאַנג מיר נאָנט.

ווי פריִער, וועט די שטאָט מיט רעש פאַרשיטן,
מיך אומרינגלען און דריקן מיט איר לאַסט —

ביז ס'וועט אויפסנײַ באַווײַזן זיך פֿון ווײַטן
דאָס זונגען-גלאַנץ דער דינער שפּיץ פֿון מאַסט.

# פרילינג אין פארק

געבשמימט האָבן היאַצינטן,
געשאָטן שמייכלען צו די פיס;
אין פרילינגס־פּאַרק אין פריש־באַגרינטן
האָט מען געשפּילט אין לאָון־טעניס...

דערפילט מיט דרייסטקייט מיט געניטער
האָבן געפּאַכט די יונגע הענט,
און ס'האָט מיט חוצפּהדיקן ציטער
געשוועבט די פּילקע, הויך געווענדט...

און ס'האָבן ביימער, ס'האָבן בלומען
געשיקט אַ פלוך צו יענער זייט,
וווהין עס איז דער מענטש געקומען
דעם יום־טוב שטערן זיי פאַרשייט!...

•

# די מיטן=נאַכט.

(סאָנעט)

אוּן ווען פוּן טוּרעם פוּן דעם אַלטן פּאַלן
צוועלף לאַנגזאַמע אוּן אָנמעכטיקע קלאַנגען,
וואָס ווערן אין דער-ווייטער ווייט צעגעגאַנגען,
אוּן ווערן אין איר שאָטן-שויס פאַרפאַלן —

באַווייזט זי זיך מיט וואָלקנס טוּל באַהאַנגען,
דער בלויער טוּל באַרעגנט מיט אָפּאַלן;
אין פאַלדן=טוּנקל ברענען בלאַסע שטראַלן,
לבנהדיקע, ציטערדיקע שלאַנגען.

באַרוּיקט שטעלט זי אירע שטאָלצע טריט,
אוּן אוּנטער אירע ברעמען=שאָטנס בליט
דער מלכותדיקער סוד פוּן אירע טרוימען;

אוּן ס'הערט זיך צוּ די איינגעזויגטע שטאָט
צוּ יעדן נייעם אָפּקלאַנג פוּן איר טראָט,
וואָס גוסטט אין די ווייטע גאַסן=רוימען.

•

# ווינטער

לאָמיר מיידן די געביידן ווו מיר ליידן אין דער שטיל,
ווו ס'איז שטויביק און נישט אייביק יעדעס מענטשלעכע געפיל.

ס'קומט דער ווינטער. באַלד צעבינדט ער זיינע אוצרות פול מיט גלאַנץ,
ס'וועלן שנייען זיך צעווייען און פאַרדרייען זיך אין טאַנץ.

ווייסע קראַנצן וועלן טאַנצן, וועלן גלאַנצן אין דעם רוים,
און צעפאַלן, ווי אָפּאַלן, אין אַ שיכורדיקן טרוים.

ווייסע קווייטן, איינס צום צווייטן, וועלן שפּרייטן זיך אויף דר'ערד,
און די בוימער, יונגע טרוימער, וועלן אָנטון ווייסע בערד.

נאָר דער ווינטער ווייס־געשפּינטער וועט נישט בויען דאָ זיין נעסט,
און נישט דאָ וועט אונדז לכבוד זיין דער מלכותדיקער פעסט.

אַך, די גאַסן וועלן שפּאַסן פון די פאַסן ווייסן שניי,
ס'וועלן מענטשן זיי נישט בענטשן, נאָר צעטרעטן זיי אָן ווײ...

לאָמיר מיידן די געביידן ווו מיר ליידן אין דער שטיל,
ווו ס'איז שטויביק און נישט אייביק יעדעס מענטשלעכע געפיל.

לאָזן וועגן, ווייסע שטעגן אונדז אַנטקעגן פלי׳ען שנעל,
האַסטיק פלי׳ען און צעגלי׳ען אין דער קאַלטער שיינקייט העל.

ווייסע ווייטן באַ די זייטן זאָלן בייטן זיך אָן סוף,
זאָלן שווינדן און זיך צינדן, ווי פאַרהילט אין ווייסן שטאָף.

און איינעם, אויף דעם ריינעם, אַלגעמיינעם ווייסן פעסט,
וועלן זיין מיר, מיין געליבטע, ווי געווינטשטע, ליבע געסט!...

# אין ציר קוס

(סאָנעט)

עֶס רופט מיך אָפט דער צירקוס דער פאַרשייטער,
ווו אויף דעם זאַמדיקן אַרענע-פּלאַץ
דערשיינט אין מיץ דער פאַרביקער פּאַיאַץ,
און הייזעריק און הילכיק עפּעס שרייט ער...

כ׳ליב אַקראָבאַטינס, בייגיק ווי אַ קאַץ,
וואָס פלעכטן זיך מיט שטריק אַלץ העכער, ווייטער;
די פלינק-צעהיצטע רייטערינס און רייטער,
וואָס שפּילן מיט אַ ברענענדיק שטורקאַץ...

מיט פּאַטשעריי און מיט געשריי צוזאַמען
דאַנקט דער המון פון אויבן און פון אונטן, —
ון מיט אַ קונץ-שטיק ענטפערט דער אַרטיסט;

עס שמעקט מיט שווייס פון מענטשן-לייב געזונטן,
און ס׳מישן זיך פּערפומען פון די דאַמען
מיט ריחות פון דעם פרישן פערדנמיסט...

## צוויי.

ס'האָט זיך זון מיט שטאָט געזעגנט, ס'האָט געגליט די מערב־
געגנט,

ווען עס האָבן זיך באַגעגנט באַ אַ ראָג אַ פּרויען־פּאָר:
אין אַ ווייסן קלייד איז איינע, פול מיט בלויע פיילכן קליינע,
און די צווייטע — אַ געמיינע, מיט געפאַרבטע מויל און האָר.

ס'גייט די ערשטע ווי אַ געטין צום געליבטן מיט בוקעטן,
פול מיט ליבע און געבעטן, פול מיט אומשולד פון אַ קינד;
ס'גייט די צווייטע זיך פאַרדינגען, ס'פינקלען העל די אויער־רינגען,
און זיי וויגן זיך און זינגען ווען שוואַרצע נעכט פון זינד.

ס'טוט די ערשטע שטיל אַ ציטער, ווי אַ סטרונע פון אַ ציטער,
ווי אַ זאַנג פאַר אַ געוויטער, — און עס קוקט די גאַסן־פרוי
פול מיט פרעכהייט און מיט העזה אויף דעם פנימל דאָס ראָזע,
וועלכעס לויכט ווי אַ מימאָזע, קוים באַשטויבט מיט פרילינגס־טוי.

וויט צעלויפן זיך די וועגן, יעדע צילט צו אַנדרע ברעגן,
בלויז דער צופאַל האָט אַנטקעגן איינס צום צווייטן זיי געבראַכט;
די — וועט ליבע־קושן ציילן, וועגן גליק איר פריינט דערציילן,
און די אַנדערע וועט טיילן מיט פאַרשייטע געסט איר נאַכט.

•

## אויף אַ באַל

אַך, ווי ס׳קלינגען דין די ריטמען
פון דעם רוישנדיקן שפּיל!
ס׳דוכט זיך אויס מיר: דאָס צעשיט מען
רינגען גאָלדנע אויפן דיל.

און די בייגעוודיקע, שנעלע,
יונגע קערפּערס זינגען מיט;
ס׳לאַכט פאַר פרייד די טאַראַנטעלע,
קלויבט די פּאָרלעך און צעשיט.

פּאָרלעך יאָגן זיך און גליטשן,
ציטריק שמועסט זייד מיט זייד,
ס׳בלאַנקען, ס׳בליצן ווייסע שפּיצן —
ס׳צוקט אַ פלאַם פון יעדער זייט.

הילכיק ברומען די טראָמפּייטן,
און די פלייטן העלפן טריי,
דיקע פּויקן זיי באַגלייטן
מיט אַ טויבער הודזשעריי.

אָרעמס קייטלען זיך אַלץ פעסטער,
נאָר ס׳הערט קיינער נישט אין ליד,

ווי אַ פידל פון אָרקעסטער
בעט־זיך, קלאָגט־זיך: „כ'בין שוין מיד!"...

# דאָס ליד פון קלאָון

אַך, ווי דורשטיק דער צירק איז נאָך נייעס!
ס'דאַכט, אַ לייב וויל זיין ריב דאָרט צערייסן...
און איך קרים און איך קנייטש אין העוויות
מיין געזיכט, וואָס געפאַרבט איז אין ווייסן.

כ'קום אַרויס, מיט די גלעקלעך באַהאַנגען,
מיט די גלעקלעך די אייביק-געטרייע;
אָ, ווי טריי זענען זייערע קלאַנגען —
זיי פאַרשטייען מיין יעדע העוויה...

ס'לאַכט דער צירק, ווען איך לאַך פול מיט ווייען —
וואָס-זשע קען ער דען אַנדערש דאַן מיינען?!
נאָר די גלעקעלעך מיינע פאַרשטייען,
און זיי וויינען... איך ווייס, אַז זיי וויינען...

אָבער דאַן, ווען ס'איז פריילעך באמת,
ווען די פרייד שטייגט פון זעל פון פאַרשוועכטער, —
איז געננג פאַר די גלעקלעך אַ רמז,
און זיי לאַכן אַ האַרציק געלעכטער!...

כ'ווייס — אין טאָג פון מיין איינזאַמער גסיסה,
ווען כ'גיב אָפּעט מיין שמחה און לייד אים —

װעלן גלײַך מיט אַן אַלטער אַקטריסע
מײַנע גלעקלעך מיר זינגען הספּדים...

# אַ שטאָט־פרימאָרגן

דער בלוי־פאַרנעפּלטער באַגינען
קוקט אין די פענסטער שוין אַריין,
און קלאָרער לויכטן די רובינען
פון קאַלטן אויסגעשפּריצטן ווײַן.

די שויב ווערט דורזיכטיקער, בלויער,
אַט פאַלט פון ווו אַ בלאַסער שטראַל,
און אויף דער ערד פלאַמט־אויף געניער
דער דין־צעבראָקלטער באָקאַל.

צעקנייטשטע, אויסגעלאַכטע רויזן
צוואָרפן ליגן לעבן שוועל, —
ווי זייער סוד וואָלט ווער אַנטבלויזן
און לאָזן נאַקעט זייער זעל.

זי שלאָפט און בעט מיט הענט צעשפּרייטע
אין מידער, אָנמעכטיקער פראַכט,
די לאָקן שוואַרצן זיך, צעווייטע,
ווי בלומען זינדיקע פון נאַכט.

עס חלומט פרעך איר מויל האַלב־אָפן,
די ברוסט צעפאַלבט דאָס ווייסע העמד,

די אָרעמס אירע רויִק שלאָפן,
און בלאַנקען קאַלט און בלאַנקען פרעמד.

דער טאָג רוקט נענטער צו זיין פּנים
צום שויב. ס'איז לאַנג אַוועק די נאַכט.
ס'וואַכט ערגעץ אויף אַ גלאָק — כ'דערקען אים:
דאָס שלאָגט דער טורעם־זייגער אַכט.

# פרילינג אין פּאַרק

עס שטאַרבן לעצטע שנייען־שטיקער,
די לופט איז זוניק־רייף און שטאַרק,
און ווי פון אַלטן ווײַן איז שיכּור
דער ברייטער, אויפגעוואַכטער פּאַרק.

די גרינע קייט פוןביימער־שטאַנגען
איז פול מיט פייגלשער מוזיק,
און ס׳צאַפּלט שוין אין די געזאַנגען
דער פרישער רייץ פון פרילינגס־גליק...

די בענק אַנטפּלויזן ווערטער, נעמען,
פון פאַראַיאָרן נאָך געשניצט, —
נאַיווע, קליינינקע פּאָעמען,
וואָס האָבן העל אַמאָל געבליצט...

עס שלײַכן מיידלעך, ווי בת־מלכּות,
אין זייער שעמעוודיקער פּראַכט,
און ס׳שמייכלען בלויענקע פיאַלקעס
אויף זייער ברוסט, וואָס אָטעמט זאַכט...

זיי גייען דורך מיט אַ געהיימען
און יונגן ציטער אין דעם בליק,

און ס׳קלינגען שטיל די טריט ווי ריימען,
ווי ריימען וועגן פרילינגס־גליק...

# בלומען אין שניי

(טריאָלעטען)

עס האָבן קנוילן שניי געשאָטן,
און דין געווען איז זייער שטים;
ס'האָט גאָט אין רוים געטון אַ שווים
און האָט מיט קנוילן שניי געשאָטן.
און עמעץ אויף אַ ראָג אין שאָטן
פאַרקויפט האָט בלימעלעך פון קרים.
עס האָבן קנוילן שניי געשאָטן,
און דין געווען איז זייער שטים.

און ס'האָבן פעלצן, פוטער-היטלען
צעקויפט די בלומען מיט אַ האַסט;
ס'איז ליב געווען דער מזרח-גאַסט
פאַר פעלצן און פאַר פוטער-היטלען;
און ס'האָבן בלוי אויף ווייסע קיטלען
געשיינט די בעכערלעך פאַרבלאַסט.
עס האָבן פעלצן, פוטער-היטלען
צעקויפט די בלומען מיט אַ האַסט.

ס'איז פול געווען מיט שמאַרץ און ווונדער
אַ יעדער איינציק בלומען-בליק;
דאָס בלומען-האַרץ, געטריבט פון גליק,

איז פול געוועז מיט שמאַרץ און וואונדער;
און יעדעס, בלוטנדיק באַזונדער,
האָט שטיל געבענקט אהיים צוריק...
ס'איז פול געוועז מיט שמאַרץ און וואונדער
א יעדער איינציק בלומען־בליק...

און ס'האָט דער שניי מיט ליפּן קאַלטע
געקושט די בלומעלעך פון קרים...
אָ, יענער קוש! עס ווייט פון אים
דער סם פון מתים־ליפּן קאַלטע!
ס'האָט פאַרן בליק די זון פון יאַלטע
צום לעצטן מאָל געטון אַ שווים!
עס האָט דער שניי מיט ליפּן קאַלטע
געטויט די בלימעלעך פון קרים.

# שטאָטישעס

שילדן, שילדן און טראַמווייען, שילדן, שילדן און וויטרינעס — —
אַך! זאָל איינמאָל כאָטש אַ פּאַך טון עפּעס דופּטיקעס און גרינעס!

ערגעץ שטראַלן דאָך מדינות, פֿאַרביק־בלומיקע מלוכות,
און איך וואַנדל דאָ פֿאַרוואָרפֿן, און איך זוך עס, און איך זוך עס...

ס׳האָבן ווילד־געהיימע רוחות מיך פֿאַרכאַפּט אין ענגע קרייזן,
און נצחונדיק באַלאַגערט מיך מיט נעפּל און מיט אייזן.

אַ פֿאַרטומלטער צו שפּרייזן איבער גאַסן, איבער סקווערן,
און די זעלבע ענגשאַפֿט זען נאָר, און די זעלבע קלאַנגען הערן.

זען דרעסירטע קאַוואַלערן, אַ באַנאַלע פּרויען־פּאָזע,
און צערוישטע קליידער־פֿאַלדן מיט דער שמייכלענדיקער העזה

און אין אָוונטן אין ראָזע, זען אַ תּאווה־אויג אַ גרויסעס,
צי ווי ס׳ברענען פֿרעך דעם הימל העלע, שרייענדיקע אותיות.

און באַ שוימענדיקע כּוסות, אין עלעקטרי און געדרודער,
זען אַ בלויקייט אונטער אויגן, פֿאַרבן ביליקע און פּודער.

מיט דיין טרייען צווילינגס־ברודער — מיט דעם שאָטן — שפּעטער גייען,
מיד זיך וואַקלענדיק, אַ היים־צו פֿון די רויִקע קאַפּעען.

און אַ פֿאַל טון מיט די ווייען אויף דעם בעט, אַזוי פֿאַרלאָרן,
ווי עס פֿאַלט אַ בלאַט פֿון ביימער, ווען סעפּטעמבער קומט צו פֿאָרן.

און צו־חלום קומט דיר קאָרן, קומען פֿיילכן, קומען ליינען,
ערגעץ בלויען ליבע טייכלעך, און בעריאָזעס עפּעס טענהן,

דערפֿלעך רוען, טויען שיינען, ס'ציִען וועגן זאַמדיק־קרומע,
ס'וואַכט אַ צלם בײַ אַ שייד־וועג, שטיינער מאָכיקע און פֿרומע,

ווערבעס אומעטיקע־שטומע, אַלע — האַרציקע, באַקענטע,
און אַט טוט אַ שמעק פֿון גערטנער מיט דער ענוודיקער מיענטע.

נאָר די טרוימען ראָז־צעברענטע נעמט אַ פּייפֿן פֿלוצלינג שטיקן —
לאַנגע, הייזעריקע שטימען פֿון די שטאָטישע פֿאַבריקן.

כאַפּסט זיך אויף: פֿאַר דיינע בליקן בלייכן־דורך שוין שטראַלן־פּאַסן;
שלעפּסט זיך צו פֿאַרמאַטערט, הילפֿלאָז צו דעם פֿענסטער צו דעם בלאַסן:

וועכטער קערן שוין די גאַסן. ס'קומט דער טאָג מיט זיינע כּללים.
און אין מיסט־וואָגן פֿון וועכטער ווערט פֿאַרקערט דיין ליבער חלום.

## בענקשאַפט אין שטאָט

איך קען מיך נישט באַפרייען
פון שטאָט, ווו ס'יאָגן שנעל
רויט־אויגיקע טראַמווייען,
און פייפן־אויס מיין זעל.

ווו יעדער טרוים אַ טיפער
געוואויגן ווערט אויף געלט,
געמאָסטן ווערט מיט ציפער,
מיט חשבונדיקער קעלט.

ווו ס'קיניקט די געניטע
פאַרברעכערישע נאַכט,
ווו איינמאָל אין אַ שמיטה
באַווייזט די זון איר פּראַכט.

ווו ס'פעלט די שטיל־באַרוטע
עניוות אין דעם בליק,
און ווו דער קלאַנג פון פּרוטה
איז ליבער פון מוזיק.

ווו רום האָט נאָר אַזויגעס,
וואָס שטויביק איז און אַלט,

ווּ ס'רופֿן אײך באָר זונות
און שלעפֿן מיט געוואַלט.

די טומלדיקע ענגשאַפֿט —
זי מאַכט פֿון אַלץ אַ תּל,
און שלײפֿט אין מיר די בענקשאַפֿט
פֿון לײדנדיקער זעל.

# פרילינג אין שטאָט

ב׳שטראַלן=אויף די פענסטער=ראַמען, און מיט פרילינג=דופט צוזאַמען
קומען ערשטע פייגל-גאַמען, ערשטער מורמל פון דער טויב;
דורך אַ ווייט=געהיימען שטעגל קומט אַ ווינט, אַן עולה=רגל,
און בלאָזט אָנעט ווי אַ זעגל די גאַרדינען באַ דער שויב...

עס צעשמייכלען זיך די גאַסן מיט אַ פייכטן גלאַנץ אַ נאַסן,
און עס ציִען מענטשן=פּאַסן, ס׳לויכט אַ לאַנגער מענטשן=קראַנץ;
און אויף רוישיקע קאַנאַלן, אויף די ווענט און שטיינער פאַלן
רינגען גאָלדענע פון שטראַלן אין אַ ציטערדיקן טאַנץ...

ס׳ווערט דער וועטער קילער=לינדער, אויף די הויפן שפּילן קינדער,
און באַם פענסטער האָט דער בלינדער שוין אַ צי געטון זיין ליד;
און אין בלויקייט פון פאַרנאַכטן ווילט זיך לענגער בלייבן טראַכטן
אין דעם שאָטן אין דעם אַכטן פון דעם אַלטן פאַרק, וואָס בליט...

*

# שטאָטישע אָוונטן

עס טונקלען לאַנגזאַם זיך די גאַסן;
די נאַכט, זי נידערט מיד און שווער;
און אַ געלעכטער אויסגעלאַסן
דערטראָגט אַלץ אָפּטער זיך פון סקווער.

אָרקעסטערס נעמען זיך שוין הערן,
אין הימל שניידט זיך אַ ראַקעט,
און שרעקט די ווייטע, בלויע שטערן,
די שטילע קינדער פון געבעט.

עס האָבן העל די רעסטאָראַנען
שוין אָנגעצונדן זייער ליכט;
און ס'קוקט פון דאָרטן און פון דאַנען
אין תאווה־קאָרטשן אַ געזיכט.

ווי שטענדיק, — גאַסן־פרויען קומען,
די קליידער סודן זיך פאַרשייט;
ס'שלאָגט־אָפּ מיט ביליקע פּערפומען.
און ס'ווינקט פון אויג אַ שוואַרצע ווייט.

ס'איז אַלץ פון ליידנשאַפט באַטרונקען;
אפילו דאָרט דער לאַנגער דראָט

האָט אינדערהייך זיך אויף צעוווּנקען
מיט בלויע פונקען צו דער שטאָט.

דעם וויטן טעמפּל־קלאַנג פאַרשווּעכן
די ווילדע שטימען פון המון;
און ס׳רייפט אין טונקל דאָס פאַרברעכן,
און ערגעץ וואַרט אויף אים אַ קרוין.

* *
*

פאַרשאָלטן זיי, אָ שטאָט, אָ שוואַרצער מלך!
האָסט מיך פאַרפירט אין דיינע כישוף־קרייזן,
דו האָסט מיין האַרץ, וואָס האָט געצאַפּלט פריילעך,
פאַרסמט מיט בלוט, מיט נעפל און מיט אייזן...

צעשיטן זיך נאָר ווייט די בלאַסע שטערן
אַריבער דיינע אויסגעשטרעקטע דעכער —
דאַן צינדסטו אָן דיין בלוטיקן לאַמטערן,
און רופסט צום ווייַן, וואָס וואַרט שוין גרייט אין בעכער...

צעשיקסט אין אַלע גאַסן דיינע טעכטער
די קערפּערס די פאַרמאַטערטע פאַרדינגען;
געפאַרבטע ליפּן שיסן מיט געלעכטער,
און אין די אויגן פרעכע פלאַמען זינגען...

איך ווייס — ווּהין איך זאָל מיך נאָר נישט ווענדן —
ב'וועל אומעטום געזיכטער שטרענגע טרעפן,

טראַמוואַיען, שילדן, שויבן, וועלכע בלענדן,
און מויערן מיט שווערע באַרעליעפן...

מיט הויכע קוימענס לעכערסטו דעם הימל,
פאַרשטריקסט זיין בלויקייט מיט אַ נעץ פון דראָטן;
און פרעמד איז דיר דאָס פרייע פעלדער־בלימל —
האָסט מיט אַספאַלט דאָס גרינע פעלד צעטראָטן...

פאַרשאָלטן זיי, אָ שוואַרצער מלך מיינער!
האָסט מיך געשמידט אין דיינע כישוף־קרייזן!
איך לויף פון דיר צו צעלטן פון ציגיינער,
וווּ ס'וועט איר פראַכט די מאַמע־ערד מיר ווייזן.

# מיין באָבעשי

I.

איך קום צו דיר, טייערע באָבעשי, ווידער,
איך קום צו דיר ווידער פון רוישיקע שטעט;
אָ זע — אַ פאַרמאַטערטער פאַל איך אַנידער
צו דיר אויפן שויס מיט מיין שטילן געבעט.

איך קום פון דעם לאַנד, וווּ דער מלך איז אייזן,
וווּ ברוגזדיק קלינגען די מענטשלעכע טריט,
וווּ ס'ווערן די קינדער געבוירן שוין גרייזן,
און שטאַרבן נאָך איידער זיי האָבן געבליט...

און דאָ... אַך, מיין טייערע, טייערע באָבע!
ווי ליב איז דאָ אַלץ, און ווי נאָנט און ווי גוט...
וועסט עפענען באַלד דיינע ספרים די גראָבע,
און וועסט מיר אַ מעשה דערציילן באַרוט.

און שטיל וועט דעם ניגון פון מעשה באַגלייטן
דער שאָטן פון עבר, וואָס וועט מיר צוריק
באַקרוינען מיין האַרץ מיט די שטראַליקע קווייטן
פון קינדישער תמימות, פון קינדישן גליק.

איך קום צו דיר, טייערע באָבעשי, ווידער,
איך קום צו דיר ווידער פון זינדיקע שטעט,
אָ זע — אַ פאַרמאַטערטער קני איך אַנידער
פאַר דיר מיט מיין האַרציקן, שטילן געבעט!...

II.

פֿאַרנאַכט, ווען ס'צעגיסט זיך דער ראָזיקער שימער,
און ס'קומען פֿון ערגעץ־ווו שאָטנס צו שוועבן,
פֿאַרלאָזט דאַן מיין באָבע איר איינזאַמען צימער,
און גייט אין דעם גאָרטן, וואָס מורמלט דערנעבן.

זי זעצט זיך אַוועק אויף אַ באַנק אויף אַ ברייטער,
וואָס טוליעט זיך שטיל צו אַ בוים צו אַן אַלטן,
געשלענגלטע, מאַטאָווע שאָטנס פֿאַרשפּרייט ער,
וואָס שלייכן זיך דורכעט ווי נעפּל־געשטאַלטן.

זי עפֿנט דעם סידור דעם גראָבן, ווו ס'ליגן
די געלבלעכע טרערן־סמנים באַהאַלטן;
רחמנותדיק ציטערט איר ווייבערשער ניגון,
וואָס גיסט זיך פֿונאַנדער אין גאָרטן אין אַלטן.

און צערטלעך ווי זיידנס, און לייכט ווי אַ דרימל,
דערהייבט זיך אַ רויך פֿון פֿאַרנאַכטיקע טויען;
מיט אים שטייגט דער באָבעשיס ניגון צום הימל,
און איילט זיך זיין בענקשאַפֿט פֿאַר גאָט צו פֿאַרטרויען.

עס לעשן זיך לאַנגזאַם אין מערב די פֿלאַמען,
עס ווערן אַנמשוויגן די פֿייגלשע לידער;

די באָבע שלאָפֿט-איין מיט דעם גאָרטן צוזאַמען,
און שטיל אויף די קני בלייבט דער אָפֿענער סידור.



III.

אין גאָרטן, אין שאָטן פון גרינע ערבות,
פלעג איך בײַ די פיס פון מײַן באָבעשי ליגן,
און זי, אַ פאַרטיפטע אין אירע מחשבות,
פלעגט מעשיות דערציילן מיר שטיל מיט אַ ניגון.

פלעגט מעשיות דערציילן פון „מנורת המאור”,
פון אַלטן פאַרחלומטן ספר פון דיקן,
איר בליק האָט געברענט מיט אַ האַרציקן טרויער,
וואָס פלעגט זיך פאַרטוישן אין העלן אַנטציקן...

און פלאַטערן פלעגן דערנעבן ווי טויבן
די שאָטנס פון הייליקע, גרויסע צדיקים...
אָ, זוניקער חלום! אָ, קינדישער גלויבן!
ס'וועט קיינער, שוין קיינער נישט ברענגען צוריק אים!...

און פונקט ווי אַ טײַערע פאַרמעט־מגילה
צעוויקלען זיך איצטער די בילדער די אַלטע,
און ס'ציטערט אין ברוסט אַ פאַרגעסענע תפילה,
וואָס אָטעמט מיט בשמים פון בלומען צעשטראַלטע...

## IV.

פֿון פֿעלדער־ווייטקייט קומט די מלכּה שבת.
אָט צינדט זיך שוין אַ שטערן אוגעריכט.
עס זינגען שירה ערגעץ נאָנט די זשאַבעס.
די באָבע האָט שוין אָפּגעבענטשט די ליכט.

זי זיצט אַצינד פֿאַרחלומט אויף דעם גאַנעק
פֿון אונדזער אַלטן, שאָטנדיקן הויז.
דער אָוונט שמעקט מיט בעז און מיט רומיאַנעק.
ס'איז שטיל אַרום. מען הערט: דער טאָג גייט אויס.

דאָס אויסטערלישע שבת־קלייד באַפּליטערט
מיט פּאַטשערקעס מיט שוואַרצע, דראָבנע־פֿלאַך;
אַ שנור פֿון אַלטע פּערל ציטערט, ציטערט,
אין לעצטן שטראַל, וואָס שטייט נאָך אויף זיין וואַך.

די מאַטע אויגן קוקן טריב־פֿאַרלאָשן,
די צירונג אָבער שיינט נאָך יונג צו זיין;
ווי ס'וואָלט אַריבער צו די אַלטע בראָשן
דער באָבעס לאַנג־פֿאַרוועלקטער אויגן־שיין.

און ס'קוקט די באָבע מיט איר בליק איר שטומען
צום זאַמדיקן, צום רינגלענדיקן וועג...
צי איז מיט אים דער אָוונט אָנגעקומען?
צי איז מיט אים דער לעבנס־סוד אַוועק?

עס שימערן, ווי ליכטער גרייט צום בענטשן,
די שטערן. ס׳איז דער הימל בלוי און קיל
און ס׳דאַכט — באַם גאַנעקס הילצערנע פֿאָרענטשן
דעם שבתס שאָטן דאַוונט אין דער שטיל.

●

# אָנהייב מערץ

ס'דערוועבט זיין לאַנגן טרוים דער ווינטער.
פון דעכער שמייכלט שוין דער מערץ.
דער שניי דער ברוינער — שטיל צערינט ער,
און ס'קוקט דאָס פעלד — אַ יונג־פאַרטערטס.

פון פאַראַיאָרן נאָך אַ זכר —
אַ גראָז באַווייזט זיך גרין־פאַרגעלט,
אַן אָפּגעוועלקטער אין אַ בלייכער,
און גלאָצט פאַרוווּנדערט אָן די וועלט.

עס בענטשן לאָנקעס דעם צוריקקער
פון זון, וואָס ברייטער אַלץ צעשטראַלט;
פון וויס־צעפליקטע וואָלקן־שטיקער
שלאָגט דורך אַ שטראַל, נאָך ווייט און קאַלט.

ער טוט אַ פינקל צווייםאָל, דריימאָל,
און ס'צינדט זיך פריש די גרינע מיץ,
דאָס גרינע, נאָדלדיקע שטריימל
פון ערשט־דערוואַכטן סאָסנע־שפּיץ.

דאָרט, אויף דעם טייך דעם רוישיק־בלויען
האָט מיט געזאַנג געפּלאַצט דאָס אייז,

און פון דעם פּאַרקן שרייען קראָען
אין אַ געדיכטן, שוואַרצן קרייז.

נאָך טרעפט זיך שניי אין פעלד אין שוואַרצן,
דער שניי דער לעצטער אָבער לייגט.
פון צווייגלעך נאַקעטע, וואָס שטאַרצן,
אַ פייכטער פרילינגס-ריח שטייגט.

*

# פרילינג אין וואַלד

אין דער לופט, דער דופט־באַוויײַטער,
קלינגען דינע, גאָלדנע סטרונעס —
פון דעם הימל־רוים אַלץ ברייטער
העל צעשמייכלט זיך די זון עס.

ס׳נעמט שוין ערגעץ פריילעך ציִען
זיין געזאַנג דער פרילינגס־חזן;
אויף די ביימער־שטאַמען גליִען
טראָפּנס סמאָלע, ווי טאָפּאַזן.

ווי אַ שלאָס אין אַ באַלאַדע
שטייט דער וואַלד אין טרוים אין שטילן:
ס׳איז געשען אַ נס אוודאי
אין זיין טונקל אין זיין קילן.

און אין סכך אין פריש־באַגרינטן
פון די שמעקעדיקע סאָסנעס
זינגען ציטערדיקע ווינטן
וועגן שטראַלנדיקן שלאָס־נס...

# אין אַ פרילינגס־טאָג

אָ, סאַראַ פרילינגס־טאָג איז היינט! אָ, סאַראַ פריידע
עס שלאָגט פון ווינטן־טאַנץ און פון מיין גוף מיין יונגן!
מיר זענען וואַנזיניק און שיכור, דאַכט זיך, ביידע,
און אונדזער ביידנס זעל האָט הילכיק זיך צעזונגען...
פאַרליבטע, טאַנצן מיר אין דער באַגרינטער סביבה,
און קושן פאָרזיכטיק די פיילכן די נאַיווע...

אין פעלד און וואַלד אַ טאָג אַ גאַנצן נאָר איך וואַנדער;
אַ ליבע־צוזאָג ווייט פון ווייטע דרום־לענדער;
און אַ מכשף וויקלט איבער מיר פונאַנדער
אַ קנויל פון בלויע און פון טייערע געוועבדער...
עס שטראַלט אַלץ זויבערער דער הימל דער צעשפרייטער,
און אין דעם לאָנקע־טייכל רופט זיך אָפּ אַ צווייטער...

מיט אַ באַזילבערטן און דורכזיכטיקן רוקן
אָט האָבן ווייט זיך דראָבנע וואָלקנדלעך באַוויזן,
ווי ווייסע, אויסטערליש־געקרייזלטע פאַרוקן
פון די פאַרצייטיקע פראַנצויזישע מאַרקיזן...
ווי ליב זיי לויכטן זיך, די וואָלקנדלעך די קליינע
די וויס־געריגגלטע, די פוכיקע און ריינע...

אוּן אוּמעטוּם — וווּהין דוּ זאָלסט דיין בּליק נישט וואַרפן —
שטייגט אויף אַ ליד... צי גיט אַ ווינטעלע אַ בלאָז עס?
אַך, ניין! ווי ווייטע און ווי ציטעריקע האַרפן,
דאָס זינגען שעמעוודיק די יוּנגעוּנקע בעריאָזעס...
איך ווייס: זיי וואַרטן היינט אויף עמעצן... זיי וואַרטן
אויף זייער פריילינגדיקן, הייליקן געגאַרטן...

*

# אין גראָז

די לופט איז דין, די לופט איז מאַיק,
עס שמעקן קווייטן!
עס ברענט אַ פאַרביקע מאָזאַיק
אויף מיינע בייטן!...

עס שלאָגט פון גראָז אַ פרייד אַ הייסע,
מיך רופט זיין ניגון;
כ'פאַל צו צו אים, מהיכא תיתא,
און לאָז מיך וויגן...

מיין העמד צעשפּיליע איך, צעקנעפּל —
נו, גליק, נישט צעגער!
אריין אין האַרץ! אַ זוניק נעפּל
היט מיין געלעגער...

איך פיל — אַ גאָלדן לאַסט נעמט רייסן
אין מיינע גלידער...
עס קומען ווינטן און צעשטרייפן
די האָר מיט לידער...

בלאָזט, בלאָזט אין אייערע טראָמפּייטן,
איר, בשמים־ווינטן,

און וויגט מיך שטאַרקער אויף די בייטן
און סאָד באַגריגטן !...



# אין וואַלד

ס'שטראַלט פון גאָנטן און פון ווייטן,
שלאַנק דער שטאַם און גרין די באָרד!
וואַרף אַ בליק אין אַלע זייטן:
יעדער בוים — אַ כּוהן גדול...

צווישן סאָסנעס לייכטן ראַמען,
בלויע הימל־ראַמען שמאָלע;
און עס נידערט פון די שטאַמען
זוניק־שמעקעדיק די סמאָלע...

דינע גאָלדנפּיילן דרינגען
און צעפּאַלן זיך אין קווייטן,
און צעברעקלען זיך אין רינגען
אויף דעם מאָך דעם גרין־פאַרשפּרייטן...

כ'הער אַ זינגען, כ'הער אַ פּיקן:
ס'בויען פייגל נייע נעסטער,
און ס'צעשטראַלן מיינע בליקן
פון דעם יונגן וואַלד־אָרקעסטער!...

# ווייסע פלעקן

די לבנה האָט פאַרלאָרן בלאַסע שטראַלן דורך די שטאָרן,
און מיין צימער איז געוואָרן אין אַ צויבער־טרוים פאַרטיפט;
אַט אָ פינקלען זיי און בלייבן אויף דעם טעפּיך אויף דעם ווייכן
ווי אַ כישופדיקער צייכן, אַ געהיימע הימל־שריפט...

אַט אָ ווערן זיי צעצויגן, אַט אָ לייכטן זיי ווי אויגן,
און זיי בויגן זיך און נויגן איבער מיר באַם ראַנד פון בעט,
און זיי ציטערן און שוועבן, דאָ — פונוויטנס, דאָ דערנעבן,
און מיר דאַכט זיך, אַז זיי וועבן אַ לבנהדיק געבעט...

וועבט זיך, וועבט זיך, ווייסע פלעקן, ביז דער טאָג וועט אייך דער־
שרעקן
ביז דער טאָג וועט קומען וועקן מיט זיין טומל, מיט זיין פּיין;
אָבער איידער כ'וועל דערוואַכן — וועל איך אייך אין האַרץ פאַר־
מאַכן,
און ווען שטראַלן וועלן לאַכן, וועט דאָרט שמייכלען אייער שיין...



# אַ זון מיט אַ רעגן

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס לאַכן מיר גאָלדענע טראָפּנס אַנטקעגן,
זיי לויכטן אין לופטן און פאַלן אויף מיר
ווי גאָלדענע פונקען אויף זיידענע שניר...

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס צאַנקען די גראָזן באַם ראַנד פון די וועגן,
עס שמייכלען די בלומען, צעקושטע פון ווינט,
אַזוי ווי עס שמייכלט דורך טרערן אַ קינד...

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
עס וויגט זיך דער בלוילעכער טייך אין די ברעגן,
עס פאַלן די טראָפּנס אין וואַסער, און גרינג
צעלויפן זיי ווייט אין אַ גאָלדענעם רינג...

אַ זון מיט אַ רעגן! אַ זון מיט אַ רעגן!
און ווייט, ערגעץ ווייט וואַרפט זיך איבער אַנטקעגן
אין הימל אין בלויען אַ פאַרביקע בריק,
אַזוי ווי אַ וועג צו דעם אייביקן גליק...

*

# אָוונט־קינדער

ס'לעשט זיך אויס דאָס גאָלד פון זאַנגען
אויף די ווייטע, ווייטע בייטן,
שאָטנס טונקעלע, ווי שלאַנגען,
הייבן אָן זיך שטיל צו שפּרייטן...

מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן
אין דער שיין פון אָוונט־פאַרבן
שטייט אַ שניטערין געבויגן,
בינדט צונויף די לעצטע גאַרבן...

ס'איז דער מערב־זוים פאַרלאָשן,
ס'האָט זיך אַלץ אין רו פאַרקליבן,
קיינער איז אין פעלד נישטאָ שוין —
זי נאָר איינע איז פאַרבליבן...

און מיר דאַכט: דער טאָג האָט ביידן
אונדז פאַרגעסן מיט־זיך נעמען...
און איך טראַכט, דערפילט מיט ליידן:
„ס'מוז געוויס איר זעלע קלעמען"...

און זי ווערט מיר נאָנט און טייער —
ס'ווילט זיך צולויפן און נעמען

קושן צאַרט ז'אָס אָוונט־פייער,
וועלכעס צאַנקט אויף אירע ברעמען...

רייס איך אויסעט קליינע בלומען,
קרענקלעך־צאַרטע, ווי מיין בענקען;
מיט אַ ציטער מיט אַ שטומען
גיי איך שטיל דעם קראַנץ איר שענקען...

און איך לייג אויף אירע לאָקן
בלומען דופטיקע און בלויע —
זי פאַרשעמט זיך, קוקט צעשראָקן,
פול מיט קינדישער הכנעה...

מ'הערט אַרום קיין שטים פון מענטשן,
נאָר א ווינטל רוישט אַ לינדער,
און ער מורמלט: „כ'קום אייך בענטשן,
שטילע, מידע אָוונט־קינדער"...

# אוונט-געשפּענסט

דאָרטן הייט, ווו, אַ צעגליטער, ברענט דער מערב-ברעג דער גאַנצער,
שטייט אַ ריטער קאַלט, אָן ציטער, אַ געשמידטער אין זיין פּאַנצער.

שטייט אַ ריטער שיין און גרויזאַם, אַ פאַרשאָלטענער פון וועמען
פלאַם-באַפלאָסן, און פאַרשלאָסן די צעברוגזט-שווערע ברעמען.

עפּעס טראַכט ער. וואָס-זשע טראַכט ער, ער — דער טיף אין-זיך-פאַרמאַכטער?
וועמען היט ער, יענער ריטער, וועמען טרויעריק באַוואַכט ער?

רויט-באַדעקטע שפּיז און העלם, שטאָל און גאָלד אין בלוט געפּלעקטע,
און אַהינטער גאָלד און אייזן שווייגן סודות נישט-אַנטפּלעקטע.

אפשר דאָרט, אין ווייטער שלאַכט, ווו ס'האָט זיי נאַכט מיט טאָג געשטריטן,
איז אַ העלד אין פעלד געבליבן. וואָס דער טויט האָט אים געמיטן?

שטייט ער איצטער, בלוט-באַשפּריצטער, אין דעם וויסטן פעלד דעם פרייען
מיט זיין לעכערדיקן פּאַנצער, מיט צעבויגענע כּלי-זין?

צי אַ חלום זעט די ערד איצט, זעט דורך לייכטן שלאָף־קריסטאָל אים,
און דער ריטער איז אַן אָפּשיין פון איר וואַנזיניקן חלום?

און פּילייכט וויל גאָט ניט הערן דאָס געבאָט פון מענטשנס ליידן,
און ער שטעלט אַ פייער־מלאך, ווי באַם טויער פון גן־עדן?
ריטער, ריטער, רוף זיך אָפּעט! דיין געדאַנקען—וואָס באַדייט ער?
ס'שווייגט דער ריטער אַ געשמידטער אַ פאַרגליווערטער און ווייטער.

❀

# אויף עטיודן

(טערצינע;)

פלעגט יעדן אָוונט צו דעם וואַלד־זוים קומען
אין ליטער־ווייסן דורזיכטיק געקליידט,
מיט ציטערדיקע קלייגע ליליע־בלומען.

די יונגע סאָסנעס פלעגן זיין שוין גרייט,
און פלעגן זי מיט שטילן רויש באַגריסן,
און אויסשטרעקן די גרינע אָרעמס ברייט.

עס פלעגט זי העל דער סמאָלע־דופט באַפליסן,
און ס׳פלעגט דער מאָך דערוואַכן פון זיין טרוים,
אַזוי ווי ר׳זאָלט זיך פון אַ סוד דערוויסן.

און פול מיט שיין פון שטראַלנדיקן רוים,
פלעגט זי דעם פענזל אין איר הענטל נעמען,
און באַם מאָלבערט זיך זעצן לעבן בוים.

עס פלעגן דין אַ ציטער טון די ברעמען,
עס פלעגט זיך לייכט אַדורכשלייכן די האַנט —
אַזוי ווי זי וואָלט שרעקן זיך, צי שעמען;

און אויף דעם ווייסן פֿאָן פֿון דעם געוואַנט
פֿלעגט ביסלעכווייז זיך, ביסלעכווייז צעפֿלאַמען
דער מערב אויף דער גרינערביימער־וואַנט.

אַלץ אָפּטער פֿלעגן אויפֿלייכטן די ראַמען
פֿון זונען־אָפּשיין — רויטע ווי קאַרמין —
צעווישן טונקל־שלאַנקע סאָסנע־שטאַמען.

ס'פֿלעגט אויסשפּראָצן אַ מאָך, באַזוו און דין,
און נאָדלען פֿלעגן ברוינלעכע זיך צינדן,
און שאָטנס פֿלעגן באַלד אַ פֿאָך טון גרין.

וואָס ווייטער, פֿלעגט מען פֿילן מער דעם לינדן
דעם זינגעדיקן רויש פֿון יעדן שפּיץ,
וואָס פֿלעגט אין ווייטער בלויקייט ווו פֿאַרשווינדן.

אַ וועל פֿון דופֿטן פֿלעגט זיך טון אַ גליץ,
און ס'האָט געדאַכט זיך: בולט הערט דאָס אויער
ווי עס צערינט די טאָגעדיקע היץ.

זי ענדיקט. גייט אַוועק. און מיט אַ טרויער,
מיט שטילע ווייען קוקט דער וואַלד איר נאָך,
און מורמלט וואָס אין האַרציקן באַדויער.

און פֿלאַכער פֿלעגט זיך איינבייגן דער מאָך,
און וויינען שטיל, אין שויס פֿון ערד פֿאַרבאָרגן,
אין קינדיש־הילפֿלאָז איינשלאָפֿן דערנאָך.

## ס'פלעגט אַלץ אַרום דערוואַרטן זי ביז מאָרגן.



# אָוונט־געבעט

ס'איז שטיל אין פעלד. נאָר ווו־נישט־ווו צעזינגט זיך אַ בעריאָזע.
עס שטאַרבט דער טאָג אויף גראָזן־זייד, און ס'שוועבט זיין אָטעם גרינג.
עס גליִען שטיל אַרום דעם פעלד די ווייטקייטן די ראָזע,
און שליסן זייער פאַרביקן און שטראַלנדיקן רינג.

אין שטויב פון וועג, וואָס ליפּט אַוועק צום פלאַם פון האָריזאָנטן,
אַ יונגע פרוי באַם צלם קניט און מורמלט אַ געבעט;
און ס'דאַכט — איר תּפילה איילט צוזאַמען מיט דעם וועג דעם באַנטן
צום הימל־זוים, ווו ס'רוען וואָלקנס גאָלדן־פיאָלעט.

ס'ווערט טונקעלער און טונקעלער. ווי גוטע, טרייע אויגן
צעשמייכלען זיך די פענסטערלעך פון דאָרף, וואָס דרימלט וויט;
און ס'דאַכט זיך מיר. זיי גריסן עס די פרוי, וואָס ליגט געבויגן,
און בענטשן עס איר פרויען־ווי אין מידער אָוונט־צייט.

דער הימל־בעכער ווערט געדיכט מיט שטערן־שטויב פאַרשאָטן.
דער טאָג איז שוין געשטאָרבן לאַנג, און ס'שטייגט זיין זעלע גרינג.
עס שלאָפן־איין די ווייטקייטן, פאַרטוליעטע אין שאָטן,
און שליסן, דאַכט זיך, ענגער אויף דעם טונקל־בלויען רינג.

# אַ חתונה

אַ חתונה, אַ חתונה
איז היינט בײַ אונדזער הויז!
די כּלה די געלאָסענע —
דאָס איז די שיינע רויז...

אַ שמעטערלינג אַ לופטיקער —
דאָס איז דער חתן היינט!
עס שטראַלט דער סאָד דער דופטיקער,
פון זומער־זון באַשײַנט;

און בײַ דער פּאָר דער גליקלעכער,
וואָס שטייט זיך נאָנט־געפּרעסט,
איז פול אַ ווינקל איטלעכער
מיט אויסגעפּוצטע געסט:

דער כּלהס שוועסטערס שיינענקע,
די רויזן, ווייס און ראָז,
און מאַרגאַריטקעס קליינענקע,
וואָס בלייכן זיך אין גראָז...

און לאַנדישן מיט בעכערלעך
מיט רייגע ווי קריסטאָל,

באַשיצט פון גרינע פעכער־לעך,
פון בלעטער אָן אַ צאָל...

אַ קייט, אַ לאַנגע סטענגעלע
פון רויטן ווילדן מאָן,
און אויף זיין דינעם שטענגעלע
אַ ראָזיקער פּיאָן...

מאכלים זענען פּאַרטיקע
אין גאָרטן שוין צעשטעלט,
אַ משקה אַ גרויסאַרטיקע
איז אויך דאָ נישט פאַרפעלט:

באַ בינען באַ די זשומיקע
אַ זיסער האָניק שטייט,
און אין די כוסות בלומיקע
אַ דופטן־וויין איז גרייט...

פון בעזן־בלעטער גרינענקע
די חופה איז געשפּינט,
אַ לויטערע, אַ דינענקע,
צעוויגט פון לייכטן ווינט...

פון הימל ביז דעם וואָרעם דאָ —
עס שטראַלט דער גאַנצער רוים:
עס זענען אויך כּלי־זמרים דאָ —
די פייגלעך אויפן בוים...

העי, לידער מוזיקאַלישע
מיט האַרץ און מיט געפיל
לכבוד חתן-כלהשי
טוט, פייגעלעך, אַ שפיל!...

הייבט אויף די שטימע אייערע:
„לאָז לעבן לאַנגע יאָר
די גליקלעכע, די טייערע,
די אויסדערוויילטע פּאָר!"...

# באָם ניעמאַן

(אָקטאָוו)

עס אָטעמט קיל דער אָוונט־עטער
און לייכט זיך אָפּ אין ניעמאַן ראָז;
ס'רוישן שטיל די גרינע בלעטער,
און ס'טוט מיט טוי פון זיי אַ בלאָז;
איך שטייג צום הויכן באַרג, איך קלעטער,
דורךביימער־גרינס און פייכטן גראָז.
אַ לייכטער ווינט גיט אָפּט מיר איבער
אַ גרוס פון פרישע ליימען־גריבער.

פון ווייטן ווינקט, ווי אַ פאַרברעכער,
די שטאָט מיט פייערן געהיים;
דאָרט טונקלען קוימענס זיך, און דעכער —
און ס'גלייבט זיך נישט, אַז ס'איז מיין היים:
איך קלעטער העכער אַלץ און העכער,
און ס'קייקלען אָפּט זיך שטיקער ליים.
דער באַרג איז ריזיק און משופּע —
באַר ס'רופט די בלויע שטערן־חופּה.

כ'זוך־אויס אַן אָרט ווו ס'איז געראָימער,
אין שאָטנס זעץ איך מיך אַוועק,
און קוק דורך צווייגן פון די בוימער
אַראָפּ אויף אונטן, צו דעם ברעג;

דער ניעמאַן פליסט, דער אַלטער טרוימער,
און ס'ווערט אַלץ טונקעלער זיין וועג.
עס גייט אַ דאַמפּער פונדערווייטן,
אַ רויך באַגלייט אים בײַ די זייטן.

ער שניידט דעם שפּיגל דעם באַרוטן,
און שווימט פּאַמעלעך און באַזאַכט
ווי די פאַרנאַכטיקע מינוטן,
ווי מיין געדאַנק, פון רו באַוואַכט.
די פענסטערלעך פון די קאַיוטן —
ווי ליב זיי גריסן דעם פאַרנאַכט!
ווי אויגן קוקן זיי און גאַפן,
דערוואַרטנדיק דעם נאָענטן האַפן.

ס'פּאַלט־צו דער טונקל. אויף די פליטן,
וואָס שוואַרצן ווייט זיך מיט געהילץ,
אַ פלעמל צינדט זיך אָן אין מיטן,
אַ יתומדיקס, אַ בלוי־פאַרהילטס;
די ברעג־שטיבער, פּאַרטונקט אין בליטן,
זיי שלאָפן שוין — קיין שאָרך קיין גרילץ;
און נאָר פון שטאָט־זייט אָפּט דערשווימען
פאַרטויבטע, אומרויִקע שטימען.

# נאָכן שטורעם

עס ציטערט העל אין יעדן טראָפּן
אַ זיבן־פאַרבנדיקער סוד;
עס ווייט מיט פרישע ווילדע האָפּן,
מיט ערד מיט פייכטער שמעקט דער סאָד.

אַ קילקייט שטרוימט פון רויזן־בעכער,
פון יעדן קוסט, פון יעדער בייט, —
ווי ס'וואָלט דאָ עמעץ מיט אַ פעכער
די גאַנצע אומגעגנט באַווייט.

און אין דעם טייך, וואָס פּלאַפּלט לויטער,
און ציט זיך, אויסגעבויגן רונד,
שיינט אָפּ דער ברעג זיך, אַ באַטויטער,
און ריינער לייכט דאָס זאַמד פון גרונט.

און, ריין־באַזוניקט און באַוואַשן,
דערמאַנט דאָס פענסטער, דאַכט זיך, איצט
זיין אויסגעשריי דעם הילכיק־ראַשן,
ווען ס'האָט דער שטורעם זיך צעבליצט.

עס פאַלן טראָפּנס זוניק־רונדע
מיט לייכטן קלונג פון צווייג און דאַך —

דאָס חיינט פאַר פרייד די שטילקייט-שטונדע,
און בענטש דעם הימל אויף איר שפּראַך.



# אָוונט-עטיוד

I.

עס שמעקט אין פעלד מיט אָוונט-בשמים.
די זון צינדט אָן צום לעצטן מאָל
די ווייס-געשטרעקטע קלויסטער-צלמים,
וואָס קוקן, גאָלדענע, פון טאָל.

אין מערב שטאַרבן די רובינען,
דער אָוונט בלייבט דער וועלט געטריי,
און מידער פלאַטערן די בינען,
און לאַנגזאַם שטאַרבט די זשומעריי.

דער ליליע-שאָטן ווערט געדיכטער,
אַ טויען-רויכל שטייגט אַ דינס,
און אָט צעשטראַלט, אַן אומגעריכטער,
דער ערשטער בלויער פונק אין גרינס.

פון ערגעץ היימיש-נאָענטע שטעגן,
נעמישט מיט אָפּקלאַנגען פון טריט,
קומט אָן אַ שטילעס ליד אַנטקעגן —
דאָס גייען פויערטעס פון שניט.

דאָס ליד גייט אויס. די לופט ווערט רייגער.
ב׳לייג־צו מיין אויער צו דער ערד:
ס׳איז שטיל, נאָר איבער זאַמד און שטיינער
מוז ערגעץ טראָגן זיך אַ פערד.

פאַרשפעטיקט איילט געוויס אַ רייטער,
און וועקט פון שלאָף דעם שטויב אין וועג,
און ס׳דאַכט, אַז עמעצער אַ ווייטער
יאָגט נאָך דעם טאָג, וואָס איז אוועק.

•



דער קוקוק ענדיקט שוין אין װאַלד
די לעצטע זונען־אָטעמס ציילן,
עס װעט דער דונקל קומען באַלד
פון זיינע אומבאַקאַנטע היילן...

פון ערגעץ װייט, פון מערב־זייט,
דערשװוימט אויף כװאַליעס פון די זאַנגען
דער חלום פון דער אָװנט־צייט
מיט זיינע לאַנגזאַמע געזאַנגען...

די װערבעס שװייגן, גרין־געלאָקט,
װי שװערע טונקעלע געשטאַלטן;
זיי האָבן עפּעס נישט דערזאָגט,
און ערגעץ טיף דעם סוף באַהאַלטן...

די װייטקייט װייעט מיט שטילן רייץ,
און אויף איר פּאָן דעם ראָז־באַפּלעקטן,

טרעט בולטער אַרויס דער קרייז,
װאָס היט איר סוד דעם נישט אַנטפּלעקטן.

די ערד איז מיד. אַ פּרוי״ן-צער
ציט ערגעץ לידער מאָנאָטאָנגע;
און הייליק-יאושדיק און שטאַר
ציט-אויף די איינזאַמע לבנה...

# א נאַכט באַם ניעמאַן

ס'איז די פרילינגס-נאַכט געקומען. איינזאַם-שטאָלץ איז זי געשווומען

אויף דעם ניעמאַן אויף דעם שטומען ווי אַ רויכיקע געשטאַלט;
שטיל געשלייכט דורך זיינע וועגן, דורך לבנהדיקע שטעגן
וועלכע האָבן אונדז אַנטקעגן ווי אַ זילבער-נעץ געשטראַלט.

באַ אַ בוים אַ גרין-צעשפרייטן זיך געטוליעט איינס צום צווייטן
האָבן מיר זיך ווי די קווייטן, וועלכע דרעמלען אויף אַ בייט...
ס'שאָרכט אַ צווייג... אַ צווייטע... דריטע... — ס'האָט געוויס די זעל פון ליטע
דאָרט געפלאַטערט, אַ צעבליטע, און מיט טרויער אונדז באַוויינט...

און אַרום האָט אַלץ געשוויגן, נאָר אַ ציטערדיקער ניגון
פלעגט זיך אָפט אין לופט צעוויגן און פאַרוויגן אונדזער טרוים;
דאָרט, אין ווייטקייטן אין גרינע האָט געוויינט אַ מאַנדאָלינע,
האָט געוויינט מיט סטרונעס דינע אין לבנהדיקן רוים...

און דער ניעמאַן האָט, אַ גוטער, שטיל געשמייכלט, אַ באַרוטער,
און די נאַכט האָט ווי אַ מוטער אונדז באַגריסט דורך צווייגן-סכך.

האָט אונדז שטיל אַרומגענומען, און כ'האָב. דאַכט זיך מיר, פאַר־נומען:

„טרוימט אייך, טרוימט אייך, ליבע בלומען! טרוימט — איך שטיי דאָ אויף דער וואַך!"...

*

# נעמילע

אַ ליבעס קינד איז נעמילע, אַ קליינעס בלאָנדעס מיידעלע,
דער פינפטער פרילינג גייט איר שוין אַנטקעגן פונדערווייט;
זי האָט צוויי בלויע אייגעלעך, און ברעמען לאַנגע, איידעלע,
וואָס ציטערן ווי פעדעמלעך, ווי פעדעמלעך פון זייד.

דער קאָפּ אין העלע פרענדזעלעך, אין גאָלד־געלאָקטע גלעקעלעך,
צעשטראַלטע ווי אַ יונג-טאָג, און לייכטע ווי אַ טרוים,
זיי קרייזלען זיך און קושן קוים די ראָזקייט פון די בעקעלעך,
וואָס לייכטן זיך ווי עפּעלעך, געפאַלן ערשט פון בוים.

אַ קורץ, פאַריסן נעזעלע פאַרמאָגט דאָס בלאָנדע נעמילע,
און דינע, דינע ליפּעלעך, ווי ראָזער אָוונט־שניי,
איר בייגעוודיקעס קערפּערל איז ווי אַ פרילינגס־ביימעלע,
וואָס רוישט פון מינדסטן ווינטעלע, און ווייסט נאָך נישט קיין וויי.

דעם טאָג דעם גאַנצן שפּילט זי זיך אויף בייטן פאַרביק־בלומיקע,
דעם טאָג דעם גאַנצן באָדט זי זיך אין בלומען ווי אַ בלום,
עס קוקן ווי פאַרוווּנדעטע די בלומען די אַרומיקע,
און גלעטן זי און בעטן זי און רופן ליבלעך: „קום!"...

זי חברט זיך אַ גאַנצן טאָג מיט שמעטערלינגן לופטיקע,
וואָס שטעלן אָפּט זיך אָפּ אויף איר, און מיינען — ס'איז אַ רויז;

זי שפּילט מיט זיי, ביז ס׳קומען אָן אין אָוונט ווינטלעך ד׳ופּטיקע
און פירן זי מיט פעלד־געריך אַהיים, צו זיך אין הויז.

און דאָרט, אין ווייסן בעטעלע, שטיל שלאָפן איין די אויגעלע־
די קליינע בלויע הימעלעך, ווי יונגע מידע שאָף,
אַ נאַכט אַ גאַנצע טרוימען זיי פון בלומען און פון פייגעלעך —
דער פינפטער פרילינג שמייכלט עס צו איר אין קינדער־שלאָף.

# אין גאָרטן

עס ציטערן אין טונקל אין דעם האַלבן
צופוסנס מיר די שאַטנס אונטערטעניק;
די טרויעריקע אָוונט־גייסטער זאַלבן
און ווײַלן מיך אַצינד פֿאַר זייער קעניג.

עס צירן זיך אין זילבער מײַנע בגדים,
אַ קרוין צעלייגט זיך אויף מײַן קאָפּ אין מיטן;
דאָס פֿינקלט אַ לבנהדיקער פּאָדים,
און ציט צו זיך אַ צווייטן און אַ דריטן.

עס לויבן מיך די בלומען — איך דערקען עס
אָן זייער רויש, אָן זייער דינעם ריח;
און ווײַט אין פֿעלדער ברענגט מען מיר קרבנות:
אַ רויך אַ ווײַסער שטײַגט דאָרט פֿון מזבח.

איך זיץ אַליין, אַ שטאָלצער און אַ טריבער,
אין מלכותדיקן עלנט אַ פֿאַרליבטער,
און עמעץ בייגט זיך איבער מיר אַריבער,
און מײַנע האָר מיט בשמים־טוי באַזיפּט ער.

*

# ראַנדאָ

אויף זאַנגען לייגט זיך אויס די זומער־נאַכט,
דאָס דופטיק לייב מיט בלויער טול באַהאַנגען;
די אויגן אירע זענען האַלב־פאַרמאַכט,
אַ יעדער פאַלד פון אירע קליידער וואַכט,
דערציילנדיק פון אומרויקע באַנגען...

אַ שלאָפטרונק האָבן ווינטן איר געבראַכט,
און קילן, ווי מיט פעכערס, איר פאַרלאַנגען;
זי ליגט אַזוי אין אָנמעכטיקער פּראַכט
אויף זאַנגען...

זי צערטלט זיך און ציט זיך אויס פאַרטראַכט,
פאַרנעמענדיק די ווייטע שאָרכן־קלאַנגען,
און קוקט מיט אַ באַהאַלטענעם פאַרדאַכט
צום מזרח, ווו איר סוד ווערט באַלד צעגאַנגען,
ווו ס'קומט די זון, און לאָזט איר שיין באַזאַכט
אויף זאַנגען...

:

# פאָ־נאַכט

(אָקטאַזון)

אָ, שאָטנדיקע, אָוונטיקע שעהן —
ס'האָט אייער פליגל ווידער מיך באַשיצט!
מיין האַרץ איז איצטער לייכט, אַזוי ווי טויען,
וואָס האָבן זיך אין אייער פעלד צעשפריצט;
און אין מיין בליק נעמט אייער שטילקייט בלויען,
די שטילקייט, וואָס באַווייט די פעלדער איצט;
אָ, זייט געבענטשט פאַר אייער שטילע רו,
וואָס עפנט ס'האַרץ און מאַכט דעם מוח צו!

עס לייכטן אויפעט מיסטיש-בלוי די שויבן,
ווי באַם געבעט אין טעמפל אָוונט-צייט;
און תפילות קומען לופטיקע ווי טויבן —
פון אומבאַקאַנטן לאַנד, פון ערגעץ ווייט;
און עמעץ קריצט מיט זילבער אויס דעם אויבן,
און עמעץ פרעגט: „דו ווייסט, וואָס דאָס באַדייט?
אָ, יאָ! דאָס ווייזט איר פּראַכט די אָוונט-שעה —
די בשמימדיקע, שיינע מלכּת שבאָ...

דער טאָג-ווײ מיט די זאַמדיקע זיגזאַגן
האָט זיך פאַרטויִשט אין גרין-באַטויטן שטעג;
פון לבנהניקע, קריסטאָלנע סאַרקאָפאַגן
זכרונות שטייגן אויף פון ווייטע טעג;

זיי קוקן זיך אַרום, ווי ס׳וואָלט נישט וואַגן
באַרירן זייער פוס דעם ערדנבערג...
נאָר ביסלעכווייז די שרעק פון זיי אַנטרינט,
און זייער בעץ ווערט זיכערער געשפּינט.

ס׳איז די לבנה שטיל, ווי אַ לאַמטערן,
וואָס ברענט אין נאַכטיק ים באַם שפּיץ פון מאַסט;
די שטערן מיט אַ שמייכל מיך באַערן —
אַ שטומער גרוס אַ צופעליקן גאַסט.
און צווישן אַלע זע איך קלאָר מ ײ ן שטערן,
מיט וועלכן כ׳בין נאָך פון מיין וויג פאַרקנסט;
ס׳איז האַלב פאַרמאַכט זיין זילבער-גרינגע ברעם,
און ס׳ציטערט שטיל אויף אים זיין דיאַדעם.

אָ, שטילע שעהן! כ׳ליב אייך ווי דער פּאַוון,
וואָס שפּרינגט אַצינד אין וואַלד מיט לייכטע טריט...
אָ, זעט: איך מורמל תּפילות אייך, איך דאַוון —
אַ הייליקייט מיין בליק און וואָרט פאַרציט;
און אין די לאַנגזאַם-ריטמישע אָקטאַוון
פליסט-איבער מיין באַרויקטער געמיט.
כ׳פיל אויף מיין קאָפּ, וואַס איז אַן ברוסט געלענט,
דער אָוונט-שטילקייטס בענטשנדיקע הענט.

# באַם זונענפאַרגאַנג

ווען נאָר קומען דער אָוונט, וועל איך גיין צו די שטאָמען,
וועל איך גיין צו די שטאָמען פון די איינזאַמע פיכטן:
כ'וועל מיך לייגן אַ שטילער מיט די שאָטנס צוזאַמען,
מיט די שאָטנס צוזאַמען אויף דעם מאָך דעם געדיכטן...

און אויף לופטיקע פליגל וועט דאָס ווינטעלע קומען,
וועט דאָס ווינטעלע קומען פון דערווייטן צו שוועבן,
און וועט שטיל מיר דערציילן, וויפיל גראָזן און בלומען
וויפיל גראָזן און בלומען האָט ער קושן געגעבן...

און אַן אָפּשיין אַ ראָזער, מיט דעם ווינטל געאַרעמט,
מיט דעם ווינטל געאַרעמט וועט אויף ברעמען מיר פאַלן,
און וועט שטיל מיר פאַרטרויען, ווי געגלעט און געוואַרעמט
ווי געגלעט און געוואַרעמט האָט ער לאָנקעס און קוואַלן...

איבער מיר וועלן צאַנקען. ווי פאַרכישופטע מנורות
ווי פאַרכישופטע מנורות דינע שפּיצן פון פיכטן,
און פאַרשלעפערן ליבלעך וועט אַ דופטיקער קטורת
וועט אַ דופטיקער קטורת פון דעם טוי דעם געדיכטן...

*

# סוף זומער

(אָקטאַוון)

עס ענדיקן די זומער־געטער
די בעכערס טרינקען ביז צום גרונט:
די זון — זי גייט שוין אויף אַלץ שפּעטער,
און פריער קלינגט איר „זײַ געזונט!"
עס מערן זיך אויף דרערד די בלעטער,
און רויט איז יעדע ווי אַ ווונד.
אַ דינער פאַרגעפּיל פון קעלט
שפּייגט־אויף און ציטערט אין דער וועלט.

דער ווינט — ווי אײַנגעהאַלטן שטיפט ער,
ער שעמט זיך איצט פאַר זײַן קאַפּריז:
דער הימל — בלויער ווערט, פאַרטיפטער,
און טראַכט פון דעם, ווי שטיל עס איז:
עס דאַכט — עס איז געוואָרן נפטר
אַ הייליקער, אַ גרויסער ריז.
דאָס פעלד איז פול מיט זאַנפטן ווײ,
וואָס שוועבט מיר נאָך, וואוהין איך גיי.

עס איז אין הימל לאַנג פאַרגאַנגען
דער לעצטער ציטערדיקער בליק:
ס'האָט שוין דערזונגען צווישן זאַנגען
דער סערפּ זײַן ליד אין גאָלדן היץ,

פארבענקטער ווערן די געזאַנגען
פון גרינלעך-געלן ווערבע-שפּיץ;
און אין די נעכט אַלץ מער און מער
שיט שטערן טרויעריקע ווער.



# הארבסטיקע בלעטער

בעריאָזעקלעך שטייען
אין ליכטיקע רייען,
ווי יונגעבקע פּעען
אָן איינזאַמער כאָר;
און ס'צאַנקען די פלאַמען
אויף זייערע שטאַמען,
ווי פּורפּורנע קאַמען
אויף העל-בלאָנדע האָר...

און בלעטעלעך פליען,
און לייכטן און גליען,
און גליענדיק, ציען
אַ טאַנץ אינדערמיט:
מיין פוס ווערט פאַרזונקען
אין פאַרביקע פונקען,
און שטיל ווערט דערטרונקען
דער קלאַנג פון די טריט

אָ, האַרבסטיקע בלעטער!
זיי שטראַלן אין עטער
ווי גרוסן פון געטער,
וואָס שטאַרבן שוין אָפּ!

זיי שאָרכן אַנטקעגן
אַזוי ווי אַ רעגן,
און צירן די שטעגן,
און דעקן מיין קאָפּ.

באַהענגען אינגאַנצן
מיין קאָפּ ווי מיט קראַנצן,
מיט קראַנצן, וואָס גלאַנצן
ווי קרוינען פון גאָלד...
און אומעטיק שטייען
בעריאָזקעס ווי פּעען,
אין ליכטיקע רייען,
מיט פּורפּור באַמאָלט..

# דער אַרגאַנאַפּט

(סאָנעט)

איך שווים שוין לאַנגע יאָרן אויף מיין רייכן
און פּיין־געשניצטן זוניקן אַרגאַ;
און מעג מיין קאָפּ איינגאַנצן ווערן גראָ —
איך טרעט נישט אָפּ פון וועג פון איינציק גלייכן.

כ׳שנייד־דורך די פלאַך פון ימען און פון טייכן,
כ׳בין נעכטן דאָרט געווען, און היינט — שוין דאָ;
און שטראַלנדיק און ניי איז יעדע שעה,
כאָטש ס׳איז מיר שווער מיין ווייטן ציל דערגרייכן.

ס׳קען זיין: מיט אויגן גליקלעכע און מידע
וועל איך נאָך ווען דערזעען מיין קאָלכידע,
צו וועלכער ס׳צילט מיין גאַנצע יוגנט־קראַפט...

דערווייל — אין וועג, צו זוכן מיין קמיע!
ס׳מוז ערגעץ ווו אַ פּרעכטיקע מעדעע
דערוואַרטן מ י ך, דעם יונגן אַרגאַנאַפט...

# אין גאָרטן

(סאָנעט)

געשוועבט האָבן ווי קנוילן ווייסע וואַטע
די וואָלקנדלעך אין לאַנגע קאַראַוואַנען,
ס׳איז די לבנה אין דער מיט געשטאַנען,
אַן אומעטיקע, הייליקע און מאַטע...

מיין ציטערדיקע האַנט האָט דאַן פאַרשטאַנען,
וואָס רוימט איר איין דיין האַנט, די ווייבלעך־גלאַטע;
עס האָט אַן אַלטעס ליד פון סאַראַסאַטע
דערשוועבט צו אונדז דורך שאָטנס פון קאַשטאַנען...

דאָס האָט דיין אַכצעניאָרנדיקער ברודער
גערירט די סטרונעס פון וויאָלאָנטשעל;
און אָפּגעלאָזן האָבן מיר דעם רודער

פון אונדזער טרוים און פריי געלאָזט אים שווימען,
און ס׳איז אַ טרער, פון ליבע־ווייַ אַ סימן,
אויף מיינע הענט געפאַלן, ווי אַ קרעל...

# שטאָטישע אָקטאַוון

כ׳האָב ליב אַרומגיין אין די אָוונט-גאַסן,
ווען ס׳קומט מיין שאָטן, ווי אַ שוואַרצער שקלאַף,
באַגלייטן מיך געטריי אין שיין אין בלאַסן,
און ס׳מאַכט זיך צו פון טאָג דער לעצטער דף;
ווען, אָנגעצויגן שטייף אין לאַנגע פּאַסן,
זינגט בולטער די דראָט פון טעלעגראַף;
ס׳שטאַרבט אָפּ דער רויש ווי ווייטע קלעפּ פון פויק,
און ס׳לייכט שוין דער עלעקטריש-ווייסער קויק.

דאַן ליב איך אין דעם מענטשן-שטראָם צו טרעפן
די פאַרביקייט פון פרויען אַלערליי;
אַ גאַנג אַ שטאָלץ-פאַרליבטן פון אַ גרעפין,
אַן אַרבעטערין מיט איר אייבזאַם-ווייי,
אַ גאַס-פרוי מיט איר ביוסט דעם פרעך-רעליעפן
און הייזעריקן שיכורן געשריי,
אַ שילערין אין קורצן קליד און שירץ,
און מיט אַ באַנד אַ צעפּל אַ באַצירטס.

כ׳באַגעגן אויגן, שוואַרצע ווי אַגאַטן,
איך זע אין זיי דעם שפּור פון אַלטע זינד,
און קינפּטיקע פאַרברעכערישע טאַטן,
וואָס צייטיקן נאָך דאָרט לעת-עתּה בלינד;

און אויגן זע איך — הייליקע קאַנטאָטן,
די פּיילכן — רירנד, דופּטיק — ווי אַ קינד...
אין קוואַלן אַלערליי מיין בליק זיך באָדט,
און שטויסט זיך אָן אָן טייוול און אַן גאָט...

דאַן האָט מיין בליק אויך ליב זיך צו באַקענען
מיט קליידער פון פאַרשידן פאַרב און שטאָף;
דאָ — רייך־קאַפּריז, און צירונג־שטיינער ברענען,
דאָרט — איינפאַך און נאַיוו, ווי קינדער־שלאָף;
דאָ — עלעגאַנט, ווי לידער פון ווערלענען,
און דאָרט — ווולגאַר, געשמאַקלאָז אָן אַ סוף;
אין שאָטן־שפּיל גייט דורכ׳עט קאָפּ נאָך קאָפּ
אַ לעבעדיק, אַ העל קאַליידאָסקאָפּ...

און ס׳שווייגן שטיל די טונקל־גרינע סקווערן —
די שטיפקינדער די בלייכע פון נאַטור;
זיי פלעכטן שטום די שאָטנס און פאַרמערן,
באַשיצנדיק מיט זיי דעם גאָט אַמור...
זיי האָבן ליב — ווי איך — מיט נייגיר הערן
פון שטאָט־קולות דעם הילכיק־לאַנגן שנור...
און נאָר פאַר זיי און נאָר פאַר מיר צינדט אָן
ז׳יין סוד זיין דרייפאַכן דער אָריאָן...

# ראָקאָקאָ

ווייטע שעהן, ליבע שעהן לייכטן אויפ׳עט ווי מיראַזשן
און ס׳באַרינגלט מיך אַ קעניגרייך פון פיזשמעס און פלומאַזשן,

און ווי קרעלן און ווי מושלעס קלויב איך זאַרגזאַם יעדן שפור,
וועלכער שמעקט מיט די פערפומען פון מאַרקיזע פאָמפּאַדור.

עס צעשטראַלן ווייטע זאַלן, ליוסטרעס בלענדנדיקע ברענען,
ס׳לייכטן טעפיכער געמאָלטע און געשטיקטע גאָבעלענען.

פון די איינגעטיפּטע נישן בלייכט אַראָפּ׳עט אַ פיגור,
דאָ — מיט ציגן־פיס אַ פאַון, דאָרט — אַ מאַרמאָרנער אַמור.

און אָט זע איך: דורך פאַרקעטן הייבן אָן זיך שטיל צו רוקן
גאַנצע רייען ווייס־געקרויזטע און באַפּודערטע פאַרוקן.

ס׳שוועבן פּאָרלעך — אַ מאַרקיזע און דערנעבן אַ מאַרקיז,
גראַציעזע פּרויען־ליפּלעך פאַרבאַהאַלטן אַ קאַפּריז...

ס׳מישן אויף זיך קרינאָלינעס מיט די פאַרביקע קאַמזוילן
און דורך שפּיצן בליצן שטיקער פון אַ פרויען־לייב אַ הוילן.

און אָט טוען זיך פון ערגעץ קלאַנגען שטראָמיקע א שאָט,
און פאַרדרייען די מאַרקיזן אין אַ בויגיקן האַוואָט...

פאַרלעך טאַנצן צווישן זילבער — צווישן בראָנז און ווייסן פּאַרפאָר
און פון קערפערס פון צעהיצטע שטייגט פאַרפומען-הויך אַ שאַרפער...

אַ געמיש פון לייבער-דופטן מיט וואַניל, העליאָטראָפּ,
וואָס פאַרנעפּלט אין דעם טאַנצן דעם צעשטרייטן יונגען קאָפּ.

פרעכער קוקן די אַמורן, און אין בלאַנק פון סעווערער וואַזעס
צינדן אָנ'עט זיך די פרוכטן מיט אַן אייגנעהאַלטן עזות.

## צו אַ פּרוי

(סאָנעט)

עס שרעקט און רייצט דיין שלאַנקער גוף דיין פרייער,
ווי דופט פון פרישן, ערשט-צעשפּריצטן בלוט!...
דיין ציינער-בלאַנק פון הינטער רויטן גלוט —
איך בין זיין קנעכט, אַ הילפלאָזער און טרייער...

דו ליבסט אכזריותדיק, מיט ווילדן ווּט,
דיין לייב — עס איז אַ ראָזיק-ווייסער פייער,
עס שכורט איין ווי אַלטער ווייַן טאָקאַיער,
ווען ס'קומט די אומפאַרמיידלעכע מינוט!...

פאַרברען מיך דו, פאַרמאַטער און באַצווינג!
כ'וועל גליקלעך אויסגיין אין דיין זיסן גיהנם,
ווו ס'גליִען רונדע, שמעקעדיקע פרוכט...

מיין איינציקן פאַרדרוס נור וועקט דיין רינג,
וואָס שמייכלט פרעך, דערמאַנענדיק מיר יענעם,
וואָס האָט דיין סאָד צום ערשטן מאָל באַזוכט!...

## א גע װײנטלעכע געשיכטע

(סאָנעט)

ע֗ר איז געװען אַ גאָט־געבענטשטער דיכטער,
ער האָט געליבט זי אײפּערזיכטיק־טרײ;
נאָר איר איז פֿרעמד געװען זײַן טרוימערײַ,
זי איז צו דעם געװעזן צופֿיל ניכטער...

זי איז אַװעק פּאַרפּירעריש און פֿרײַ
האָט איר געררײצט די װעלט מיט אירע ליכטער;
און ס'האָט איר גוף באַרינגלט אַלץ געדיכטער
דער מענער־קרײַז מיט פֿרעכער מורמלערײַ...

דערנאָך איז זי אַ גאַסן־פֿרוי געװאָרן...
און דער פּאָעט האָט אָנשרײַבן פֿאַרטראַכט
אַ מעשׂה װעגן אומגליקלעכער ליבע...

און עמעץ האָט אין אָװנטן אין טריבע
זײַן בוך געקױפֿט, דערנאָך צו איר פֿאַרפֿאָרן
און האָט געקױפֿט איר קערפּער אױף אַ נאַכט...

# VALSE TRISTE

אָ, לאָזן זיך אונדזערע אָרעמס פֿאַרבינדן,
ווי זעונגען בלויע אין חלום אין בלינדן,
און צווישן די טרויעריק־הייליקע לינדן
זאָל לייכט אונדזער וואַלץ זיך צעוויגן;
אַזוי ווי לבנהיקע עלפֿן פֿאַרליבטע,
וואָס דאַרפֿן אין גיכן זיך שיידן, באַטריבטע,
אַזוי לאָמיר איינזאַם, מיט טוי־דופֿט באַזיפּטע,
אין וואַלץ אין דעם לעצטן זיך וויגן...

אָט האָבן זיך עטלעכע קלאַנגען צעשאָטן...
דאָס האָבן צעוויינט זיך אין נאַכטיקן שאָטן
פֿאַראומערטע פֿלייטן, פֿאַרבענקטע פֿאַגאָטן,
דערוועקנדיק שטילע באַגערן;
אָ, קלאַנגען, אָ, צאַרטע — ווי אונדזער צעשיידונג,
און לופֿטיקע־לייכטע — אַזוי ווי דיין קליידונג,
און ווייטער — אַזוי ווי ס׳איז ווייט דיין באַשיידונג
פֿון אונדזערע ערשטע באַגערן...

עס ווינטלט דיין קלייד זיך אין דינינקע פֿאַלבן...
די הערסט, דורך די ווייטיקדיק־לויטערע זאַלבן,
ווי ס׳קלאַפּן די הערצער — צוויי נאַכטיקע שוואַלבן,
וואָס צאַפּלען געשאָכטן, געליבטע...

איך קוש די פאַרתפילהטע אויגן דיר... פילסטו?...
צו וואָס דיין געזיכט אין דיין שלייער פאַרהילסטו?...
וואָס ציטערסטו, טייערע?... זאָג מיר, וואָס ווילסטו?...
דו וויינסט?... אָ, נישט וויין, מיין געליבטע!...

איך קאָן דיינע טרערן ניט זען... אָ, איך קאָן ניט!
דערמאָן ניט דיין צאַפּל דיין ערשטן, דערמאָן ניט!
רירסט ווידער די ווונדן די שמערצלעכע אָנ׳עם
און לאָזסט זיי אין וואַלץ נישט פאַרוויגן!
נישט וויין... אין דעם געפּל פון הונדערטער דורות
פלעגט אָפּט נישט איין פּאָר, לויט דעם ווילן דעם בוראס,
ווי מיר איצט, פאַרהילטע אין לייד און אין קטורת,
אין וואַלץ אין דעם לעצטן זיך וויגן...

# צו מיין אײנציקער

(סאָנעט)

דו לעבסט אַצינד אין רינג פון בערגער-ריזן,
דו אָטעמסט מיט דער פרישער לופט פון שווייץ;
דאָס לאַנד האָט דיר צעוויקלט דאָרט זיין רייץ,
און האָט זיך אין זיין פולסטן גלאַנץ באַוויזן...

און דאָ — נאָר קאָרן מאָגערער און ווייץ. —
אָ! ליטווישע, פאַראומערטע עסקיזן,
און איך מיט מיינע טויזנטער קאַפּריזן,
איך בלוטיק איינזאַם אויף מיין ליבע-קרייץ!...

אָ, זאָג: פאַרקוקט דיר ווער דאָרט אין די אויגן?
צי וועקט ער אויף אין זיי אַ רעגנבויגן?
באַגלייט דיך ווער, ווען דו שפּאַצירסט אין אַלפּן?

אָ, בלויעס גליק! אָ, רו, וואָס איז פאַרגאַנגען!
איך וויס — פון מיינע טויזנטער פאַרלאַנגען
געבליבן זענען שרעקנדיקע סקאַלפּן!...

# א לידל

ס'האָט גערייצט מיך דיין בליק אַזוי זוניק און קלאָר,
ס'האָט געשטיפּט אויף מיין אַקסל דיין צאָפּ;
און עס האָבן דאַן עטלעכע מיידלשע האָר
זיך פאַרטשעפּעט פאַרשייט אָן מיין קנאָפּ...

אַך, די טונקעלע זיידענע פעדעמער דריי —
ס'איז א הייליקער, זאַנפטער געשפּין:
און פאַרפירעריש פונקט ווי דער שמייכל פון מאַי,
און ווי שפּינוועבס ווי האַרבסטיקער — דין...

איך וועל אָנצי'ען איינס אויף מיין האַרף; מיט אַ צווייטס
בינד איך איבער מיין לידער-העפט מיר;
און דאָס דריטע זאָל בלייבן באַם קנאָפּ דאָ — מיט רייץ
מיר דערמאָנענדיק שטענדיק אָן דיר...

# כמעט אַ באַלאַדע

די לאַנקע איז געווען שוין מיט אָוונט־גאָלד באַשאָטן,
אַ פּאַסטוך האָט געשפּילט אַ ליד, געפּיטערט נאָנט זיין סטאַדע.
און מיר זענען געזעסן בּאַ אַ וואַלד־זוים אין אַ שאָטן,
ווו דו האָסט מיר געלעזן אין דער שטילקייט אַ באַלאַדע.

און דו האָסט אין דער שטילקייט אַ באַלאַדע מיר געלעזן,
וואָס האָט זיך אין אַ טרויער־בילד פאַר מיר פאַרבייגעצויגן:
אַמאָל, אַמאָל איז ערגעץ־ווו אַ פּאַסטוכל געווען,
אַן אָרימער, אַן איינזאַמער, מיט צוויי באַחנטע אויגן...

דערזען האָט אים, שפּאַצירנדיק, די קעניגלעכע טאָכטער,
און ס'האָט אין יונגן הערצעלע די ליבע זיך פאַרקליבן —
און איינמאָל, מיט אַ פייער־ברוסט, אַן אומרויק־צעקאָכטער
האָט זי צו אים געוואָרפן זיך, צום פּאַסטוכל צום ליבן...

אין שלאָס איז שוין דאָס פּאַסטוכל. ער שטראַלט, באַגליקט און פריילעך,
ער גייט אַרום אין גאָלד געצירט, און אין אַ קלייד אַ העלן...
נאָר אויפגערעגט און פינסטער איז דער בליק פון אַלטן מלך,
און ס'דונערן שוין שטרענג אַרום די גרויזאַמע באַפעלן...

„האָסט צייט נאָך קינד! באַקלער דיך נאָר!" — „אָ ניין! ער איז מיין חתן!
נאָר ער, נאָר ער — און קייגער מער!" צעוויינט זי זיך פאַר־טרויערט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

באַ נאַכט האָט מען דאָס פּאַסטוכל דאָס אָרעמע דערשאָסן
און אין אַ פעסטע פּאַלאַץ־וואַנד די טאָכטער איינגעמויערט — —

דו האָסט געענדיקט לעזן מיר... נאָך האַרציקער און שענער
געשפּילט האָט נאָנט דאָס פּאַסטוכל זיין לידל באַ דער סטאַדע,
נאָר טיף האָב איך באַדויערט אים, וואָס ער איז נישט ווי יענער,
ווי יענער מיטער פּאַסטוך־פּרינץ, דער העלד פון דער באַלאַדע...

# דיינע אויגן

אָ, אויגן! צוויי שטראַלנדע שמייכלענדע וויגן,
פון מיידלשע טרוימען, פון מיידלשער גאווה!
איך האָרך אייער שטומען, נאָר רייצנדן ניגון,
וואָס זינגט וועגן גליקן פון פלאַמענדער תאווה..

אָ, אוגן! צוויי זוניקע מזרח-פּאָעמען
פון גרונדלאָזער ליבע, פון האַרציקע בליצן!
ווי ליכטיק איר שיינט אין דעם שאָטן פון ברעמען,
וואָס רוען, ווי טונקעלע זיידענע שפּיצן...

אָ, אויגן! צוויי טיפע. פאַרכישופטע שפּיגלען,
וואָס שיכורן איין, ווי באַרוישנדע וויינען!
קוקט לענגער, קוקט לענגער אויף מיר, כ'וויל פאַרזיגלען
באַ מיר אין מיין האַרץ אייער זינדיקעס שיינען...

# באַ דער אָונט-ווילִיע

לאַנגזאַם גוססט דער קילער און דופטיקער אָוונט
אויף ז׳ער שטראַלנדער ברוסט פון דער ווילִיע
ס׳גליט זיין שיין אויף דיין שלאַנקער געשטאַלט, אויף דער ווייסער.
וואָס איז שמעקנדיק, פריש, ווי אַ לִיליע...

אויף דיין ברוסט ווי אַ מידער, פאַרמאַטערטער פויגל
רוט מיין קאָפּ מיט די לאָקן צעהאָנגען;
און מיין אויער כאַפּט אויף יעדן קלאַפּ פון דיין האַרצן,
וואָס פאַרטרויט דיינע ליבע פאַרלאַנגען...

אַך, ווי גוט, אַך ווי גוט איז אַזוי דאָ צו ליגן
אין דעם זיידענעם גרינס פון די ברעגן!
אַ באַקרוינטער מיט אָוונט-חלומות מיט שטילע
וואָלט איך אייביק אַזוי דאָ געלעגן...

און עס ווילט זיך אַזוי אויף דער ברוסט דיינער אויסגיין
אין אַ רויִקער, מידער אידיליע,
שטאַרבן שטיל, ווי עס שטאַרבט איצט דער דופטיקער אָוונט
אויף דער שטראַלנדער ברוסט פון דער ווילִיע...

# צו דיר

אויפן טיפן גרונט פון ים,
ווו ס׳דערגרייכט קיין שטראַלן-שפּיל,
איינגעטונקט אין ווילדן שאַם
רוען פּערל אין דער שטיל...

רירט אַ האַנט זיי אָבער אָן,
ווערט אַ פלאַם געבוירן שנעל
און די פּערל צינדט זיך אָן, —
און זיי פינקלען ריין און העל...

אין דעם היכל פון מיין האַרץ,
ווו עס נעסטן ליידן פיל
קאַלט און טרויעריק און שוואַרץ, —
רוען פּערל אין דער שטיל...

עפן זיי דיין ליבע-קוואַל,
וויש אַראָפּ פון זיי דעם וויי,
און אַ רעגנבויגן-שטראַל
וועט אַ ציטער טון אין זיי...

# ניין, קיינמאָל!...

איך זיץ אַליין, מיין קינד, אין גאָרטן,
מיר האָבן דאָ פאַרבראַכט אַמאָל;
וועל איך נאָך ווען דערזען דיך ווידער?
דער גאָרטן פליסטערט: „ניין, קיינמאָל!...“

דו ביסט פאַרשוווּנדן, ווי אַ חלום,
איך הער נישט מער דיין ליבן קול;
וועל איך אַמאָל אים הערן ווידער?
דער גאָרטן פליסטערט: „ניין, קיינמאָל!...“

דו פלעגסט מיין לעבנס-וועג באַשיטן
מיט ראָזע טרוימען אָן אַ צאָל,
וועל איך אַמאָל דערזען זיי ווידער?
דער גאָרטן פליסטערט: „ניין, קיינמאָל!...“

איך בין פון זונען-באַרג געשליידערט
אין זומפּיק-נעפּלדיקן טאָל;
וועל איך דערזען די זון נאָך ווידער?
דער גאָרטן פליסטערט: „ניין, קיינמאָל!...“

# פאַרנאַכט

(מיין איינציקער געליבטער געווידמעט)

כ'גיי אין פעלדער אַרויס, ס'ווייט אַ ווינטעלע לינד,
ס'מורמלען קריאת־שמע די האַריקע זאַנגען;
ס'קומט דער אָוונט צו גיין טרוימיש־צאַרט ווי אַ קינד,
און ס'באַגלייטן אים אומקלאָרע קלאַנגען.

כ'קוק מיך אום: ס'ליגן ווייטקייטן דאָרט אָן אַ ברעג —
מערב, מזרח און דרום און צפון;
אָבער מער נישט צו איינער איז טייער דער וועג,
און מיין האַרץ איז פאַר איינער נאָר אָפן...

און איך קוק אין דער ווייטקייט אין יענער פאַרבענקט,
דאָרטן לעבט מיין געליבטע פאַרבאָרגן,
דאָרטן לעבט יענער מענטש, וועלכן איך האָב געשענקט
אי מיין נעכטן, מיין היינט, און מיין מאָרגן...

און אין הייליקן ציטער, פון ליידן געדריקט,
פאַל איך שטיל אויף די קני באַ די זאַנגען,
פאַל איך שטיל אויף די קני פאַר דער ווייטקייט, וואָס ליגט
מיט אַ טונקעלן נעפּל פערהאַנגען...

לאַנגזאַם לאָזן אַראָפּ זיך די ברעמען באַ מיר,
ס'פאַלט מיין קאָפּ, פון חלומות געבויגן...

פֿלוצלינג פיל איך אַ נאָנטן, אַ צערטלעכן ריר, —
כ'טו אַ קוק און איך גלייב נישט די אויגן...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיין ליבסטע! יאָ, דו... דו אַליין... שטייסט פֿאַרטראַכט
אין דעם בלאַסלעכן שיין פֿון לבֿנה...
דו אַליין אין דיין יונגער און מיידלשער פּראַכט
ווי אַ הייליקע, גוטע מאַדאָנע.

אַך, מיין ליבע! מיין לעבן, ווי גליקליך איך בין!...
אָ, נישט-ערדישע, העלע מינוטן!
ווי עס צאַפּלט מיין האַרץ, ווי עס רעגט זיך מיין זין,
ווי עס רוישען אין קערפּער די בלוטן!...

לאָז מיר צודריקן פעסט דיינע ברוסטן אין גליק,
און מיט קושן באַדעקן דיין וועזן!...
ווו-זשע ביסטו?... אַך, גאָט!... קום צוריק!... קום—צו—ריק!
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַך, צי דען איז אַ טרוים דאָס געוועזן?!...

„כאַ-כאַ-כאַ" — עמעץ לאַכט הינטער מיר, עמעץ לאַכט...
עס דרייען זיך קראָען פֿאַרשייטע...
אַרום איז אַ פרעמדע, אַ פינסטערע נאַכט...
און דו ביזט אַ ווייטע, אַ ווייטע...

# די רויז

(געווידמעט פּ. ס.)

איך געדענק יענעם אָוונט דעם שטילן —
האָסט אַ שטראַלנדע רויז מיר דערלאַנגט;
פּונקט ווי קינדישע אומשולד-געפילן
האָבן ריין אירע בלעטלעך געבלאַנקט..

און די רויז מיט אַ שמייכל אַ שטומען
האָט באַגריסט מיך פאַרחלומט און העל,
ס׳האָט געדאַכט זיך — אויף איר האָט געשווומען
און געציטערט דער הויך פון דיין זעל...

כ׳האָב געבראַכט יענע רויז אין מיין צימער,
און אין וואַסער אין פרישן געשטעלט:
ס׳זאָל נישט שטאַרבן איר שנייאיקער שימער,
זי זאָל דופטן באַ מיר אין געצעלט...

נישט געלאָזט האָט מיך עמעץ דאַן שלאָפן,
באַ דער רויז האָב איך איינזאַם געוואַכט,
ס׳האָבן ליבע זכרונות פאַרלאָפן
אין מיין האַרץ און געוויגט עס באַנאַכט...

*) ..... אַכט זיך — דאָס קעפּל געזונקען

..... טלעך געקוקט פון מיין שוועל,

..... טלעסנעם בעכער געטרונקען

..... דעם הויך פון מיין זעל...

---

*) די לעצטע סטראָפע איז אין כתב-יד צעריסן.

# צוויי סאָנעטן

I

יאָ, איך געדענק די מידע אָוונט־שעה —
דער מערב איז געווען רויט באַפלעקט;
אין וועלדל האָט מיט דופט און רו געשמעקט,
און ס׳האַרץ האָט זיס געקלאַפּט: „ווי גוט איז דאָ״...

„דו ליבסט מיך״ — האָב איך, ציטערדיק געפרעגט
דיין בליק, וואָס האָט געפינקלט טונקל־בלאָ;
דו האָסט פאַרשעמט אַרויסגעפּליסטערט; „יאָ״,
און האָסט צו מיר די ליפּן אויסגעשטרעקט...

יאָ, איך געדענק... די זון האָט זיך געטרונקען
אַ רויטע אין די פאַלדן פון דיין קלייד,
געציטערט אין דיין אויג מיט גינגאָלד־פונקען...

און דו האָסט מיך געצערטלט שטילערהייט...
כ׳געדענק... אין ברוסט האָט אויפגעפלאַמט אַ טרוים,
אַ שטראַלנדיקער, ווי דער הימל־רוים...

ח

יאָ, איך געדענק — געציטערט האָבן מיר
די טרויעריקע ליכטער אַרום דיר,
דער שוואַרצער טויט האָט מיט זיין קאַלטן ריר
דערשטיקט דיין העלעס, יונגעס לעבנס-ליד...

ס'האָט אויפגעפלאַצט אַ ווײ-געשריי אין מיר,
אַ טרערן-קנויל האָט זיך אין האַלדז צעגליט,
באַווײנט האָב איך דאָס גליק, וואָס האָט פאַרבליט
וואָס האָט פאַר מיר פאַרמאַכט זיין הימל-טיר...

יאָ, איך געדענק... איך האָב געקושט די לאָקן,
וואָס האָבן שטום געהיט דיין בלאַס געזיכט,
די אויגן, וועלכע האָבן מיך געשראָקן

מיט זייער קאַלטן, סודותדיקן ליכט..
כ'געדענק... דער געלער ציטערדיקער שיין
האָט טיף געוועקט אַן אומדלעכן פיין...

# די

מיין גאָרטן איז אַ וויסטער, איינזאַמער געשטאַנען,
קיין שאָטן און קיין שטראַל אין גרינס פון ביימער־שטאַנגען;
עס האָבן זייער ליד באַהאַלטן די פאָנטאַנען,
און מיינע צויבער־פייגל זענען טויט געהאַנגען.

ס'האָט עמעץ, ווי מיט שפּאָט, פערוויסט די לעצטע שפּורן
פון דופטיקן גערוך, פון קילע בלומען־טויען;
געטרויערט האָבן שטום די מאַרמאָרנע פיגורן,
וואָס האָבן זיך באַקרוינט מיט מחנות שוואַרצע קראָען.

נאָר אָט ביסטו, מיין קינד, אַראָפּ צו מיר אין גאָרטן,
אין ווייסן פרילינגס־קלייד מיט אומשולדיקע בליקן,
און ס'האָט דיין מיידל־אָטעם פלוצלינג דאָ און דאָרטן
צעפליקט מיט אַ געזאַנג דעם נעפּל־רוים דעם דיקן.

עס האָט זיך מיט אַ שאָרך אין אויפגעוואַכטן עטער
אַ דינער וואַסער־שטויב, אַ גאָלדענער צעשאָטן,
און ס'האָבן פון דיין נס די קליינע מאַרמאָר־געטער
געסודעט צווישען זיך אין זיידן־גרינעם שאָטן.

# אין שטאָט פון זכרונות

ווי שווער איז צו לעבן אין שטאָט פון זכרונות,
ווו יעטוועדעס ווינקל שטראַלט אויף אין דיין ברוסט
אַזוי ווי אַ הייליקעס פּלעמל אַ ריינעס,
פון וועלכן דאָס האַרץ האָט נאָך קיינמאָל געוווּסט...

מיר דאַכט זיך, אַז ערגעץ־ווו ציטערט אין לופטן
די ערשטע, די טייערע, הייליקע טרער,
דערציילנדיק מיר פון פאַרשווומענע דופטן,
דערציילנדיק מיר פון אַ ווייטן באַגער.

אין שטויביקע גאַסן, אין גרינענדע סקווערן,
ווּהין איך זאָל ווענדן זיך — אומעטום זי!
אָך, וואָלטן די מענטשן די קאַלטע נישט שטערן,
דאַן וואָלט איך געפאַלן אין גאַס אויף די קני...

דאַן וואָלט איך זיך צוטוליען האַרט צו די שטיינער,
און איך וואָלט דערהערן אַ ווייטן גערוס,
אַן אָפּקלאַנג, אַזוי ווי אַ ליד פון מיין שיינער —
די ריטמישע טריט פון איר מיידלשן פוס...

אָך, וואָלטן נישט שטערן די קליינלעכע מענטשן,
דאַן וואָלט איך די אָרעמס אין לופטן געשטרעקט

און וואָלט מיט מײן תּפֿילה מײן אײנזאַמער בענטשן
די שטאָט, וווּ עס האָט זיך מײן גליק מיר אַנטדעקט.

נאָר ס׳ליאַרעמט אַ לעבן אַ הילכיק־געמײנעס,
איך וויל עס נישט הערן, דאָך שרײט עס; „דו מוזסט״...
און שווערער ווערט לעבן אין שטאָט פֿון זכרונות,
וווּ יעטוועדעס ווינקל שטראַלט אויף אין דײן ברוסט...

# אין נאַכטיקע ווינטער־פעלדער

ווייסע נאַכט.
ווייסע שיכּורדיקע פּראַכט.
ווייסע ימען — און אין מיטן
ווי אַ פלעק,
ווי אַ שטיק פאַרגליווערט שרעק
שוועבט דער שליטן.
אין דעם שליטן — איך און דו.
ס׳לאַכן שנייעלעך און פאַלן
אין דעם אָפּשיין פון די שטראַלן
פונקט ווי בינען, ווייסע בינען, וואָס געפינען נישט קיין רו.
ס׳רוישט די ערד,
ס׳רוישט די ווייס־פאַרוויגטע סביבה,
פון די ווילד־צעהיצטע פערד,
ס׳הייבט זיך אויף און אָפּ די גריווע
ווי אַ קנויל פון שוואַרצע שלאַנגען
און מיט פלאַטערדיקע קלאַנגען ווערט דאָס גלעקעלע פאַרגאַנגען
אין געוויין און אין געלעכטער
דאָ — אַ גוטער,
אַ בערוטער,
דאָ — אַ בייזער און אַ שלעכטער...
ס׳לאַכן שנייעלעך־קריסטאַלן,
פאַלן

מיט מיין ליבע־בליק צוזאַמען
אויף דעם זייד פון דײַנע בעקלעך, אויף די דינע ברעמען־ראַמען,
און זיי דרייען זיך, ווי בינען,
פּונקט ווי קליינע ווייסע בינען,
און זיי שפּינען
ווייסע קרענץ
און צערינען
אויף די טענץ
אויף דיין מיידלש־פרישן מיילכל — אויף צוויי שנירלעך פון רובינען.

# דריי זענען זיי געווען

עס איז געווען אין אָוונט. איך בין צו זיי אַריין.
אין צימער האָט געגוסט דער לעצטער ראָזער שיין.

זיי זענען שטיל געזעסן, געחלומט זאַלבעדריט;
דערוועקט האָט זיי דער ניגון פון מיינע שטילע טריט.

זיי האָבן אויסגעשטרעקט מיר די הענטלעך עלעגאַנט —
דאָך איז געווען פאַרשידן דער דרוק פון יעדער האַנט.

געאָטעמט האָט פון ערשטן אַ יאושדיקע קעלט,
אַ בזיר־קעלט, וואָס גלייבט נישט אין פריידן פון דער וועלט.

און כ׳האָב דערפילט אַ פעלד דאַן, פאַרנעפּלט, באַקעט־הויל,
אַן איינגעהאַלטן שטרענגקייט פון הייליקן קאַטויל.

דער האַנט־דרוק פון דער צווייטער געווען איז הייס און שטייף,
אַ גרוס פון שלאַנקן קערפּער, וואָס ברענט, פאַר ליבע־רייף.

און כ׳האָב דערזען אַ גאָרטן, באַהאָנגען, ווי מיר דוכט,
מיט זאַפטיקע, באַגילדטע און שמעקעדיקע פרוכט.

דערלאַנגט האָט מיר די דריטע איר ציטערדיקע האַנט,
אַ צאַרטע ווי אַ דינעס, אַ זיידענעס געוואַנט.

דערשפירט האָט זיך דערוואַרטונג, מיט פאָרגעפיל פאַרשפינט,
פון ערשטע לילאַ-בלומען, בשעת דער שניי צערינט.

דאָס איז געווען אין אָוונט, ווען כ׳בין צו די אַריין,
און שטיל באַוויינט האָט עמעץ דעם לעצטן ראָזן-שיין.

## אַ ווינטער־אָוונט אין שטאָט

ווייסע ביימלעך, ווייסע דעכער,
ווייסע שטיינער, מענטשן ווייסע —
ס'דאַכט, די שטאָט איז ווי פאַרגליווערט
אין אַ כשופדיקער מעשה...

זעסט, ווי האַסטיק פליט דער שליטן...
פרעס זיך צו, מיין ליבסטע, נענטער!
אויף מיין ברוסט אין שטילקייט רוען
זאָל דיין קאָפּ דיין אָנגעלענטער...

ס'דאַכט זיך, שׂרפים פון דעם הימל
שיטן ווייסע, קילע בליטן,
און באַגלייט פון זייער רעגן
ווי באַפליגלט שוועבט דער שליטן...

ס'לויפן, ס'לויפן באַ די זייטן
זיילן שניייקע מיט דראָטן,
וועלכע פינקלען גרוי־באַזילבערט
אין דעם בלויען אָוונט־שאָטן...

פרישע, ראָזיקע געזיכטער
מיט אַ פרייד אַנטקעגן שווימען,

און אין דינע גלעקלעך־קלאַנגען
פלעכטן איין זיך יונגע שטימען...

הערסט, ווי ס׳פלאַפלען זאַנפט די גלעקלעך!
דאָס דערציילן זיי געלאַסן
וועגן אונדזער צאַרטער ליבע
פאַר די שטראַלנדיקע גאַסן!

אין אַ מעשה איז פאַרגליווערט
איצט די שטאָט די מאַרמאָר־ווייסע,
און מיר זענען עס די העלדן
פון דער כּישופֿדיקער מעשה!

* *
*

עס בלאָנדזשען בײַ מיר אין נשמה אַרום
פאַרבענקטע און מיידלש־פאַרקלערטע פאַרנאַכטן,
געהילט אין אַ לופטיקן נעץ אין אַ זאַכטן,
וואָס וויגט זיך דאָרט ציטערדיק־שטום...

די דעמערונג האָט איר געצעלט דאָרט געבויט,
פון מאַטאָווע שאָטנס פון דופטיקע טויען;
און דאָס, וואָס איך קען נישט פאַר קיינעם פאַרטרויען —
דאָס האָב איך איר טרייהייט פאַרטרויט...

און קיינמאָל דערגרייכט נישט אַהין פון דער ווייט
דער אָפּשיין פון שיכּורע פלאַמען, וואָס בלענדן;
דאָרט פינקלען נאָר צאַרט בין־השמשות־לעגענדן,
ווי פערל אין טונקעלן זייד...

און ווערט דאָרט געבוירן אַן איינזאַמער קלאַנג,
דאַן אָטעמט ער אויך מיט דעם זעלביקן אומעט,
וואָס וויקלט מיין שטילע נשמה אַרומ׳עט
אַזוי ווי אַ טונקעלע שלאַנג...

## דאָס מיידל באַם נאַכטיקן פענסטער

(צעשיידונגס־פערזן)

### דאָס מיידל:

ווי קיל, ווי דופטיק איז די נאַכט!
איר אויג, ווי מיינס, איז האַלב פאַרמאַכט,
איר האַרץ, ווי מיינס, שלאָפט יאָ, שלאָפט ניט —
די רויז פון בענקשאַפט וואַרט און בליט...
איך בין שוין לאַנג מיט לייד אויף „דו"
איך אירץ שוין לאַנג די שטילע רו...
צי פילסטו, ליבסטער, מיין געמיט?...
די רויז פון בענקשאַפט וואַרט און בליט...

### ער:

די רויז פון בענקשאַפט — זי איז בלוי,
דאָך מיינע — רויט פון בלוטן־טוי,
דאָך מיינע — איז די רויז פון ווּט,
און קען דערציילן נאָר פון בלוט...

### דאָס מיידל:

דערצייל, דערצייל מיר נישט פון בלוט...
צי בלויט באַ דיר כאָטש איין מינוט
פון שטילן טרוים?... דאַן קום צוגיין,
דאַן קום צוגיין אין בלומען־קרוין...

ע ר :

איך קום נישט, ניין, אין בלומען־קרוין...
מיט טרערן פון דער ערדס געוויין
אין פול הייך קרוין... מיט אפלען קאלט,
ארויסגעפליקטע דורך געוואלט...

ד אָ ס מ יי ד ל :

ארויסגעפליקטע דורך געוואלט?!...
א ווילדער שרעק מיין הארץ באפאלט...
זע — דער לבנהס רונדער פלעק
ווערט, דאכט זיך, אויכעט בלאס פאר שרעק...

ע ר :

ווערט אויכעט, דאכט זיך, בלאס פון שרעק.
ווי דו מיין ליבסטע... שווייג... נישט שרעק
די אָרעמס דיינע... ס׳העלפט נישט, ניין —
ס׳איז צייט צו גיין... ס׳איז צייט צו גיין...

ד אָ ס מ יי ד ל :

ווי שטיל... ווי שטיל... די נאכט איז קיל...
ס׳מוז שפילן ערגעץ ווו א גריל...
מיין הארץ שלאָפט יאָ, מיין הארץ שלאָפט ניט —
די רויז, די רויטע ווארט און גליט...

## צו אַ גאַסן-פרוי

דײַנע רופנדיקע אויגן,
דײַנע שוואַרצע לאָקן-רינגען
הילכיק קלינגען אין די גאַסן:
„כ׳טראָג מײַן קערפּער צו פאַרדינגען״

אין דעם רויש פון דײַנע קליידער
זינגט די זינד איר פרעכן ניגון,
זינגט די זינד פון אירע פרײדן
און פון אירע קורצע זיגן...

זעסט, ווי ס׳חייכן דיך די מיידלעך,
פּונקט ווי יעדע וואָלט זיך שרעקן
צו באַרירן דײַנע קליידער
און איר יוגנט נאָך באַפלעקן...

וויפיל מענטשן האָבן תאווה
אויף דײַן מידער ברוסט געפונען?
וויפיל אומשולד-שמייכלען האָבן
אין דײַן אָרעם זיך צערונען?...

אָך, דו ציילסט נישט, דו געדענקסט נישט!
יעדן אָוונט גייסטו ווידער

אין די לויכטנדיקע גאַסן
צו פאַרקויפן דיינע גלידער...

און פון אונטער דיינע אויגן
רינגען בלוילעכע פאַרטרויען
פון אַ פרויען־פּראַכט אַ קראַנקער,
און פון שלאָף־געראויבטע שעהן...

זאָג, צי וויינסטו ווען, צי קלאָגסטו
אין אַ נאַכט־שעה, אין אַ שפּעטער,
ווען דו מישסט אַדורך אין האַרצן
פון דיין לעבנס־בוך די בלעטער?..

זאָג, באַדויערסטו דיין מזל
אין אַ ווינקל פון דיין חדר,
און צי רייסטו מיט אַ יאוש
דאַמאָלס ווילד אויף זיך די קליידער?

און וואָס טראַכסטו, בעת דו צערטלסט
ווען אַ קינד פון דיינע שכנים,
ווען דו דריקסט עס צו דיין האַרצן
מיט אַ טרער און קוש אינייִנעם?...

וועסט נישט זאָגן, וועסט פאַרשווייגן
און ווער קען צו דעם דיך צווינגען;
לאָקן־רינגען, אויגן רופן:
„כ׳טראָג דעם קערפּער צו פאַרדינגען"...

# אויגן

עס האָבן געלעבט אַ פּאָר אויגן,
געווען אַזוי שטראַלנדיק־ריין,
געווען מיט אַ שימער באַצויגן,
באַוויט מיט אַ קינדישן חן...

עס האָבן די יאָרן געשוואומען —
די אויגן געבליט האָבן בלוי,
געאָטעמט מיט ריחות פון בלומען,
מיט פרישקייט פון פערלנער טוי...

דאָך האָט זיי געהיט שוין דער זיגל
פון בענקשאַפט פון אומרו און לייד,
און ס'האָט זיך צום זויבערן שפּיגל
פאַרגנב'עט זיין הויך שטילערהייט...

ס'האָט ווער אין די בלוילעכע תהומות
אַן אומעט אַ שטילן פאַרפלאַנצט,
און ס'האָבן די אויגן־חלומות
ווי שטערן פאַרהויכטע געגלאַנצט...

זיי האָבן זיך איינמאָל געטראָפן
מיט אַנדערע אויגן אַ פּאָר,

דער שאָטן, פֿון ז״י איז אַנטלאָפֿן,
און אויפֿגעשטראַלט האָבן זיי קלאָר...

אַ שטראַל, אַ פֿאַרשייטער און נייער
האָט באַלד זיך באַוויזן אין זיי,
אַ זוניקער ליידנשאַפֿטס־פֿייער
געמישט מיט אַ צאַפּל פֿון ווײ...

## דו האָסט געשפּילט

דו האָסט געשפּילט... די פידל האָט געזונגען
פאַרחלומט־צאַרט, ווי צאַרט דו ביסט אַליין;
אַ האַרציקער, אַ מידער טרויער־חן
האָט אין די טענער ציטערדיק געקלונגען...

כ׳כאָב יענעם אָוונט נישט געקענט פאַרשטיין,
וואָס האָט אַזוי מיין יונגעס האַרץ באַצוואונגען;
איך האָב די טרערן אומרויק געשלונגען:
עס האָט מיין האַלדז געשטיקט אַ שטיל געוויין...

ווי נאָענט בין איך דאַן צו דיר געוועזן!
איך האָב אין דיינע אויגן דאַן געלעזן
דעם זעלבן וויי, וואָס האָט אין מיר געגליט...

און ווען מען האָט באַדאַנקט דיך מיט געשרייען,
בין איך געזעסן שטום מיט מיינע ווייען,
נאָר טיף אין האַרץ האָב איך פאַר דיר געקניט...

* *
*

כ׳בין אַ קנעכט פון די רייצנדע פרויען,
כ׳בין אַ טרייער און הילפלאָזער קנעכט
פון באַרוישנדע, לוסטיקע שעה׳ן,
און פון שיכורע אָרגישע נעכט...

כ׳ליב די היציקע בליטן פון דרום,
כ׳ליב זיין פרוי מיט איר גליק און איר סם,
ווי אַ צאַפּלענדער רינג איז איר אָרעם,
און איר קוש — ווי אַ בריענדער פלאַם...

און מיין האַרץ מיין פאַרבענקטעס און קראַנקעס
איז פאַרליבט אין דעם געטלעכן סוד
פון די ווילדע, פאַרשייטע וואַקכאַנקעס,
וועלכע פירן אַ לופט-קאַראַהאָד...

וועגן זוניקע קערפּערס פון פרויען
ריימען פערעלנע פלעכט איך און פלעכט...
כ׳בין אַ קנעכט פון די לוסטיקע שעה׳ן,
און פון שיכורע, אָרגישע נעכט...

# פרילינג

און ווידער זע איךביימער גרינען
אין אויפגעשטראַלטן, אַלטן סאָד,
און ווידער לאָזט דער פרילינג רינען
די העלע בשמים פון זיין גנאָד.

עס ווערט מיין בליק אין גרינס פאַרלוירן
און בלייבט פאַרשטאַרבן בײַ אַ באַנק —
און ס׳טוט אַ שמעק מיט פאַראַיאָרן,
און ס׳טריפט אין האַרץ אַן אַלט געטראַנק.

פלעגסט ווייס־פאַרהילט, אין גאָרטן קומען —
אַ ווייסער טרוים אין גרינעם לאַנד, —
עס האָרכן אויף דיין ברוסט די בלומען
ווי ס׳זינגט דיין לופטיקעס געוואַנט.

דיין בליק, דיין שמייכלענדיק־צעשטראַלטער,
באַגריסט, פון ליבע־טוי פאַרטרערט,
און כ׳זע, ווי אויף זיין גרונט באַהאַלט ער
דעם חלום פון דער פרילינגס־ערד.

שטרעקסט אויס דיין מויל און איך באַריר אים
מיט מיינע ליפן אין דער שטיל,

און ס׳קלינגט אין האַרצן שיר־השירים,
און ס׳זינגט אַ ווייטעס האַרפּן־שפּיל.

איך גיי אַליין, ווי ווייסע שטערן,
אַ ים פון ביימער־בליטן שטראַלט.
איך רייס זיי אָפּ און קוש מיט טרערן,
און ס׳שטייגט אויף ווידער דיין געשטאַלט

# פרילינג אָן דיר

ענג דאָס פעלד מיט זיינע רוימען,
כּאָטש עס שמייכלט אַ באַגרינטעס...
ווע איך רויטע הימל-זוימען —
דאַכט מיר, בלוט פון האַרצן רינט עס...

און באַנאַכט, ווען נאַכטיגאַלן
שליסן אויף דעם קוואַל פון טרעלן —
בליען אויף, אין בלאַסע שטראַלן
שווערע קרענץ פון אימטאָרטעלן...

# אין וואַלד

(מיניאַטור)

עס איז די זון נאָר וואָס פאַרגאַנגען,
און ס׳ציטערט נאָך אַן אָפּשיין רױז
אויף טייך און אויף די ביימער־שטאַנגען,
און אויף דעם זיידן־גרינעם גראָז.
פון ווייטן קלויסטער קומען קלאַנגען
און קושן שטיל דאָס וואַסער־גלאָז.
עס איז די זון נאָר וואָס פאַרגאַנגען
און ס׳ציטערט נאָך אַן אָפּשיין רױז.

אַ ווייסע וועט זי באַלד באַטרעטן
די שמאָלע שטעגן שטילערהייט;
די בליקן לייכטן מיט געבעטן,
די ליפּן גרייטן צאַרטע רייד,
ווי דאָס געזאַנג פון מיניאָנעטן
קלינגט ווייך דאָס רוישן פון איר קלייד.
אַ ווייסע וועט זי באַלד באַטרעטן
די שמאָלע שטעגן שטילערהייט.

דו זעסט, דאָס הימלישע פּרוכת
איז שוין באַצירט מיט זילבער־שטויב,
עס קוקט זיין רונדעס אויג זיין הויכעס,
און רוימט אונדז איין אין האַרצן „גלויב"...

וואָס בלייכט זיך דאָרט? שטיל שטייגט אַ רויך עס —
צו גאָט אַ הייליק־ווייסער לויב.
דו זעסט, דאָס הימלישע פּרוכת
איז שוין באַצירט מיט זילבער־שטויב.

לאָז קושן מיך דיין בלאַסן שטערן,
און פלעכט דיין האַנט אין מיינער איין;
נישט רעד... נישט טראַכט... צו וואָס דאָס קלערן?...
נאָר טרינק דעם דופט, וואָס שמעקט מיט וויין.
דו זעסט פון אונדזער גליק דעם שטערן, —
אָטווינקט ער מיט זיין בלויען שיין.
לאָז קושן מיך דיין בלאַסן שטערן,
און פלעכט דיין האַנט אין מיינער איין.

# ליבע

און דאָס האָט געטראָפן באַם טויער פון שעמעוודיק דופטיקן ניסן,
ווען ס'קומען די שוואַלבן צופליִען די גרינגענדע גערטנער באַגריסן,
ווען שלאַנקע און ווייסע בעריאָזעס פאַרפירן אַ היימלעכן שמועס,
און שוואַרצקייט און פעטקייט פון פעלדער זאָגט אָן וועגן קומענדע תבואות.

געשען איז עס דאַמאָלס, ווען ס'רייסן זיך יונגע און רוישיקע שטראָמען,
און ס'שמעקט אין דער לופטן מיט פייכטקייט, מיט פרישקייט פון שפּראָצנדע שוואָמען,
ווען בלויענקע פייגלען צעבליִען באַ ווייטע באַ וואַלדיקע טייכן,
די פייגלען, מיט וועלכע מען קען מער נישט דיך, מיין געליבטע, פאַרגלייכן.

די זוניקע אוצרות פון פרילינג, וואָס האָבן מיט גליק אונדז באַ-פלאָסן —
זיי האָבן דעם וועג אונדז באַצייכנט, זיי האָבן דעם גורל באַשלאָסן
זיי האָבן געעפנט די זעלן, געוואָרפן אונדז אָרעם אין אָרעם,
און האָבן געבראַכט אונדז אין לאַנד, וווּ עס שמייכלט דער איי-ביקער דרום

יי האָבן געעפנט דיין זעלע, און כ׳האָב אין איר טיפקייט געפונען
די טויקע. ווייסע בעריאָזעס, און נעפלען וואָס ווערן צערונען,
און שוואַלבן, און לאָנקעס, און שטראַלן און ווייטע, פאַרלאָזענע
טייכן,
און פיילכן, מיט וועלכע מען קען מער נישט דיך, מיין געליבטע,
פאַרגלייכן.

## פינגערלעד

אָך, פינגערלעך מיידלשע, פינגערלעך דינע!
ווי ליב זענט איר מיר און ווי טייער,
אין אייך, דוכט מיר, לויכט זיך די ערדישע שכינה,
איר אָטעמט מיט ראָזיקן פייער!...

פאַרנאַכט פלעגט איר אָפטמאָל די לאָקן מיר גלעטן,
און לופּטיקע פלעגט איר זיך ציען,
פאַרחלומט, אַזוי ווי די אָוונט-געבעטן
וואָס פלעגן אין האַרץ דאַן צעבליען.

און דאַן, ווען עס פלעגט מיך דער מזל פאַרטרייבן
אין ערטער אין ווייטע און טריבע —
דאַן פלעגט איר מיר בריוועלעך האַרציקע שרייבן,
ערפילטע מיט טרייסט און מיט ליבע..

אָך, פינגערלעך מיידלשע, פינגערלעך ראָזע!
ווי ליב זענט איר מיר און ווי טייער,
איר לייכט ווי די בלעטעלעך פון אַ מימאָזע,
און אָטעמט מיט צאַרטלעכן פייער!

# אַ חלום

מיר האָבן געטרוימט זיך פּאַרצייטיקע שלעסער,
וואָס האָבן צו גאָט מיט די שפּיצן דערלאַנגט
און ליכטיק און שאַרף, ווי דער שטאָל פון אַ מעסער
האָט הויך אַ לבנהיקער האָרן געבלאַנקט.

פון גרינעם באַזאַלט האָבן טרעפּ זיך געצויגן,
עס האָט זיי געצערטלט, אַ ווינטל אַ גרינגס;
און שטרענג האָט מיט שמאָלע, פאַרגליווערטע אויגן
געקוקט אַ געהיימער און העזיקער ספינקס

אַרום זענען שוואַרצע ציפּרעסן געשטאַנען,
און גראָז האָט צווישן די שטאַמען געגרינט
אַ זילבערנער שטויב האָט געשטרוימט פון פאָנטאַנען,
און האָט אַ מאָטיוו אַ פאַרבענקטן געשפּינט.

געווען איז אַ יום־טוב אין יענע פּאַלאַצן,
און רייצנדע פרויען מיט פּאַרביקע קעפּ
און מענער מיט בלומען און גרינס אין די לאָצן
אַראָב זענען אונטן אין סאָד מיט די טרעפּ

ס׳האָט עמיץ מיך צוגעפירט ווי דורך אַ סימן,
און ס׳האָבן צעלייגט זיך די געסט אין אַ רינג,

און פריילעך־פאַרשייטע דערהערט האָב איך שטימען
וואָס האָבן מיר רוישנדיק אָנגעזאָגט: „זינג״!

ס׳איז שטום אויף אַ רגע מיין האַרפע געבליבן,
נאָר באַלד האָט אַ צער זי אַ צאַרטער באַחנט;
פון זעלן וואָס קאָנען נאָר זינגען און ליבן
האָט שטיל זיך מיין האַרפע אין לופטן צעווייַנט

מיין ליד האָט געאיילט פאַר די געסט צו דערציילן
פון דעם, אַז דער טרויער איז אייביק און שיין
פון בלאָלפכע שטערן און טונקעלע היילן,
פון נאַכטיקע בלימעלעך הייליק און ריין.

געוויינט האָט מיין האַרפע אין טונקל אין מידן,
און האָט די געמיינהייט די פרעכע געשטראָפט
נאָר ס׳האָבן באַטראַכט מיך די געסט ניט־צופרידן,
און ווערטער פון אומרו געהערט האָב איך אָפט.

און בייזער אַלץ בייזער געפלאַמט האָבן רייען
פון אויגן, וואָס האָבן געלאַכט פון מיין וויי;
ביז ס׳האָבן אַ שאָס געטון ווילדע געשרייען
און האָבן, צערעגטע, מיך אָבגעזאָגט: „גיי״!

נאָר פלוצלינג געוואָרן איז שטיל: ס׳האָט פאַרלאָזן
דעם קרייז פון די געסט אַ פאַרהילטע געשטאַלט,
אַ שלאַנקע, אַ לייכטע אַזוי, ווי די גראָזן,
און בלאַס האָט איהר איידעלער שטערן געשטראַלט.

עס האָט זיך אין ציידענע, טונקעלע וועלן
געפּאַלבט דאָס געוואַנד אויף איר מיידלשן לייב,
זי האָט מיך געשמידט מיט אַ צייכן אַ שנעלן,
און זאַנפט, ווי אַ תּפֿלה, דערהערט האָב איך „בלייב!“

און בולטער האָבן געשטראַלט אירע שטריכן,
ווען זי האָט זיך לאַנגזאַם דערנענטערט צו מיר;
מיין האַרץ האָט זיך האַסטיק געקלאַפּט און אין גיכן
אַ צאַפּל געטון פֿון איר וואַרעמען ריר.

דעם רינג פֿון די געסט האָט אַ טומל צענומען,
עס האָט זיך אַ מורמל אַ וויטער דערהערט:
„פּאַריאָגט זיי! זיי טאָרן צו אונז מער נישט קומען,
זיי האָבן די פֿרייד פֿון דעם יום־טובֿ צעשטערט!

נאָך מיר האָט זיך שפּאָטיש געקייקלט אַ קללה,
נאָך איר — אַ באַדויער פֿון שווערן פֿאַרראַט;
נאָר טריי האָט געפֿירט מיך אַ הענטל אַ שמאָלע
דורך בלאַסקייט פֿון שטראַלן, דורך גרינקייט פֿון בלאַט.

מיר זענען אַוועק אין די טיפֿקייט פֿון שאָטן,
צום טונקעלן פֿעלד, וואו די איינזאַמקייט בליט;
די נאַכט האָט דעם וועג אונז מיט שטערן באַשאָטן
און בלומען געוואָרפֿן אונז אונטער די טריט.

## ליבע־לידו

דורך די פענסטער די ברייטע און אָפענע
טו איך שטיל זיך אין גאָרטן אַ שלייך,
און איך גיי צווישן בוימער פאַרשלאָפענע
צו דעם טאָלכל, חאו ס'חלומט דער טייך.

מיט מיין שאָטן, דעם שוואַרצן, גיגאַנטישן
בלייב איך שטיין אויף דעם גרינעגדן ברעג;
דאָרטן בלאַנקען צופוסנס מיר לאַנדישן,
ווי אַ שמאָלע, אַ זילבערנע שטעג.

רייס איך גלעקלעך ווייסע אַ בינטעלע,
און פון נאַכטיקע טויען באַקרוינט,
אייל איך שטיל מיט דעם לופטיקן ווינטעלע
צו דער שויב, וואו מיין טייערע וואוינט.

אין דעם טונקל פון פענסטער פאַרהאָנגענע
מוז זי שלאָפן נאָך איצט אין איר בעט,
און זי חלומט פון שעהן פאַרגאַנגענע,
ווען געהאַלזט האָב איך זי און געגלעט

ס'מוזן ראָזיקע פלאַמען איצט וואַנדערן
אויף די פוכיקע באַקן ביי איר —

און פילייכט קושט זי איצט גאַר אַן אַנדערן,
און איר טרוים האָט קיין אָרט ניט פאַר מיר?...

איך וועל דאָ ביי איר פענסטער שוין נעכטיקן,
ביז ביים אָפשיין פון זוניקן פלאַם
וועל איך זעען איר קערפער איר פרעכטיקן,
ווי אַ וואונדערלעך בילד אין אַ ראַם.

## טרערן־געטראַנס

מיר האָט זיך געטרוימט, אַז דו שטייסט
ביים בעט, אַן ערפּילטע מיט אַנגסט
דו שטרעקסט דיינע הענט און דערלאַנגסט
אַ בעכער, דעם בעכער פון טרייסט.

עס פּערלט דער ריינער געטראַנק
ביים בלאָסן, קריסטאַלענעם שטראַל,
אַזוי ווי אַ הייליקער קוואַל,
באַקרוינט מיט אַ שוימיקן בלאַנק.

איך נייג זיך צו דיר און איך נעם
דעם ליכטיקן בעכער אין האַנט,
כּפאַל־צו מיט מיין מויל צו זיין ראַנד,
און ס׳ציטערט פון זיסקייט די ברעם.

איך טרינק, ביז עס טוט נישט אַ שפּיל
דער דעק, פון לבנה באַשטראַלט;
איך קוק, ווי פאַרשיכּורט; איך האַלט
דעם בעכער און פרעג אין דער שטיל:

„וואו האָסטו גענומען דעם ווייַן?
„ווער האָט עס געגעבן דיר, ווער ?״

עס ענטפערט מיר אָפּ נאָר דיין טרער,
וואָס פאַלט אין דעם בעכער אַריין.

און ס׳פאלט מיט אַ זילבערנעם קלאַנג
אַרויס פון דער האַנט מיר דער כּוס
כ׳ערוואַך. עס איז פּינקטלעך דער חצות,
אַזוי ווי מייז שטומער פאַרלאַנג.

# די רעזעדן

אַ'ך וועל איינטינקען מיין פּנים אין די טויאיקע רעזעדן,
און זיי וועלן מיך דערמאָנען פון דיין גוף א שטריך א יעדן

אויגן — תפלות ניט־דערהערטע, אויגן – הייליקע בורשטינען,
ברעמען—דינע ווי דער אָטעם פון דעם ערשטן וועלט־באַגינען...

כ'זע דיין מיילכל—האַלב־געשלאָסן,—וואָס די יוגנט פאַרבט
אויף ראָז אים
און פון צווישן בלאַנקען ציינדלעך—ווייסע שמייכלענדע רמזים...

כ'זע די אָרעמס, וועלכע לייכטן מיט דעם אויסבייג
מיט דעם רונדן
אַזוי צאַרט, אַז כ'וויל דערזען דאָרט רויזן פורפורענע
פון וואונדן...

אויף די בריסטלעך — אָ, די בריסטלעך — וועלכע ווערן
רייפע
ע איך מיילכעלעך פאַרקוועטשטע, ראָזע, דורשטיקע
און שטייפע...

כ'זע די הענטלעך, וואו עס פלעכטן לילאַ־אָדערלעך אַ נעצל,
און די נעגל, ווי די נעגל פון אַ יונג־קאַפּריזן קעצל...

אָ רעזעדן, אָ רעזעדן! הילט מיין פּנים צאַרטער, צאַרטער –
איך זאָל בעסער־ זען און פילן יעדן בייג פון מיין
געגאַרטער־

# האַרבסט.

טריאָלעטן.

ביזט, ווי מיין בענקשאַפט, שיין געווען,
און ווייבלעך־טרויעריק, ווי ליטע;
ביי בוימער גאָלדענע, פאַרבליטע
ביזט, ווי מיין בענקשאַפט, שיין געווען...
דער ווינט געזונגען ווען־ניט־ווען
האָט שטיל זיין האַרבסטיקע סיואיטע...
ביזט, ווי מיין בענקשאַפט שיין געווען,
און ווייבלעך־טרויעריק ווי ליטע...

אין יעדן פאַלד פון דיין מאַנטאָ
געווויינט האָט האָפנונגסלאָז דער ב ע כ ט ן,
באַוויינט זיין חלום זיין פאַרשווערכטן
אין יעדן פאַלד פון דיין מאַנטאָ...

און שרעקלעך — ווי דאָס וואָרט „גיטאָ" —
האָט זיך מיין ווייַ געגומען פלעכטן...
אין יעדן פאַלד פון דיין מאַנטאָ
געווויינט האָט האָפנונגסלאָז דער בעכטן...

# לבנהדיקער אייל

טריאָלעטן

אין זיין בלויען סאַרקאָפאַג
וויגט מיך שטיל דער אָוונט איין;
איז מכבד מיך מיט וויין
אין זיין בלויען סאַרקאָפאַג,
ס׳דוכט — אַן אַלטער בבל־מאַג
שטרוימט אַ סודותדיקן שיין...
אין זיין בלויען סאַרקאָפאַג
וויגט מיך שטיל דער אָוונט איין.

ס׳קניען שאָטנס פּיאָלעט
פאַלן, קושנדיק מיין ברעם;
אויף מיין זילבער־דיאַדעם
קניען שאָטנס פּיאָלעט.
ס׳בענטשט די שטילקייט מיך און גלעט
יונגסטע פרוי פון מיין האַרעם...
ס׳קניען שאָטנס פּיאָלעט,
פאַלן קושנדיק מיין ברעם.

ס׳ברענט לבנהדיקער אייל
שטיל און הייליק איבער מיר;
אין אַ יאַשמאָוון געשיר

ברענט לבנהדיקער אייל...
קום, מײַן חלום, און פֿאַרצייל
מעשיות, בלויע, ווי סאַפּיר...
ס'ברענט לבנהדיקער אייל
שטיל און הייליק איבער מיר.

# אין דער פרעמד

כ׳האָב גאַנצע נעכט – (אַך פרעג נישט וויפל!)
געווען מיט לייד און טרוימען רייך...
געבענקט נאָך דיר, ווי ס׳בענקט אַ שיפל
נאָך קילע וועלן פון דעם טייך׳

געבענקט אַזוי ווי נאָך אַ בלימל
דער טונקל ווייכער פרויען-לאָק;
ווי ס׳בענקט די בלויקייט פון דעם הימל
נאָך מעשיות ריטמישע פון גלאָק...
געבענקט, ווי ס׳בענקט אַ פוסטער וויגל
נאָך וועמענס ציטערדיקן שלאָף
ווי ס׳בענקט נאָך אָפּשפּיגלונג דער שפּיגל,
ווי ס׳בענקט דער אָנהויב נאָכ׳ן סוף...

# SERENADE MELANCOLIQUE

ס׳ווערן טונקעלער די בלעטער,
פיאָלעטער ווערט דער עטער,
כ׳הער די שטילע טריט פון גליק...
קלאנגען ציטערדיקע שטייגן —
עמיץ שפּילט עס אין די צווייגן
Serenade Melancolique...

הער, ווי שטיל די טענער קלינגען!
ווי דעם שפּילער וואָלט געלונגען
צו דערגיין דעם שטילקייטס-סוד...
שאַ, אַלץ שטילער ווערט דער שפּילער,
און לבנהדיקער קילער
ווערט דער איינגעוויגטער סוד...

ווי די נאַכטיקע נאַרציסן
לאָמיר איצט די ליפּן שליסן
און דערציען די מוזיק...
מיט אַ ציטער מיט אַ גרינגן
לאָמיר טרויעריק דערזינגען
Serenade Melancolique...

# BERCEUSE

קום, ליבסטע, מיך פאַרוויגן
מיט „סאָלווייגס ליד״ פון גריגן
און לאָז דער שטילער ניגון —
באַרויקן מיין פיין;
ביז כ׳וועל מיין אויג פאַרמאַכן
זאָלסט דו דערנעבן וואַכן
אין ציטעריקן, שוואַכן
לבנה׳דיקן שיין...

זיין בלאַסקייט זאָל זיך זיפּן,
אין לאָקן זיך פאַרקניפּן,
און ציטערן אויף ליפּן,
זיך גליטשן אויף די הענט;
און לאַנגע שאָטנס זאָלן
פון ווייטע בערג און טאָלן
אַריינקומען, און מאָלן
אַ האַפּן אויף די ווענט...

און זאָלן, ווי איז מיפּן,
ערשיינען זעגל-שיפן,
די פרייבט פון נאַכט און רופן —
וואו ים פאַרטרינקט די צייט׳

עס וועלן ווייטע שטימען
מיר געבן דאַן אַ סימן
און כ׳וועל מיך לאָזן שווימען
אין אומבאַקאַנטער ווייט...

און סוועלן שטיל מיך וויגן
די לעגענדאַרע בריגן
באַגלייט פון סאָלווייגס ניגון
אין בלויען נעפּל־רויך...
זאָל וואַכן ביים געלעגער
דער ניגון דער נאָרוועגער,
און שלאָף איך איין — דאַן מעג ער
אַנטשלאָפן ווערן אויך...

# אַלט פראַנצויזישעס.

עס שמעקט מיט צייטיקער ווערבענע
פּאַרוקן לייכטן זילבער־גראָ, —
דאָרט, הינטער רויזן־קוסטעס יענע
מיט קאָלאָמבינען זיצט פּיערראָ...

ס'פּאַרקייטלען טרויבן די אַלטאַנקע
ווי שיין די נאַכט איז היינט מאַרקיז!...
גיט אייער האַנט, די דופּטיק־שלאַנקע,
איך האָב. אייך לאַנג שוין ליב, Elise...

און ס'פאַלט אַ טרער אַ ווייבלעך־דינע
אויף שוואַרצן זילבער פון בראַסלעט;
דאָס וויינט פאַר ליבע קאָלאָמבינע,
און עמיץ צערטלט זי און גלעט...

אַ קונדס־ווינטל ברענגט זיי שפּורן
פון גראַציעזן מענועט,
פון דאָרט' וואו ס'בלייכן די אַמורן,
און ס'שוימט אין פּאַרפאַר דער קלאַרעט...

ס'דערשווימט אַן אָפּדופט פון פּאַרפומען
געמישט מיט פרישקייט פונם טוי

און אָפּטמאָל זייד-געראַוישען קומען,
און שטילע רייד פון אַ גאָבאָי...

לאַמטערנעס פאַרביקע דערשפּרייטן
אַ גרוס פון ווייטן מאַסקאַראַד —
אַ מאָדנער אָפּשיין ליגט אויף קווייטן
ווי אַ פאַרפּישופּטער כתב-יד...

נאָר טונקל-שטיל איז דאָ. קאַפּריזע
און קילע שאָטנס ווייען זאַכט...
— ווי שיין, ווי שיין איר זייט מאַרקיזע,
אין דיזער וואַנזיניקער נאַכט!..

עס טומלען, טאַנצן ערגעץ נאַרן,
מאַרקיזעס באַקן פלאַמען ראָז...
צעקנייטשט ביים ברוסט די נעניופאַרן,
און ס'ליגט דער פּעכער ווי אין גראָז...

## REVERIE.

— דו געדענקסט עס נאָך אַודאַי
ס'האָט דער סמיק געטון אַ צי
און ס'האָט שטיל אויף דער עסטראַדע
זיך צעוויינט די Réverie...

און אין ווײַן האָב איך אַ טרערל
דאַן פאַרלוירן, בלאַס און דין:
אַ צעשטראַלטער, קאַלטער פערל
איז געפאַלן אויף בורשטין...

און דערנאָך אַלץ אָפטער, אָפטער
האָבן טרערן זיך געגליטשט —
דאָס האָט שטיל אַ ניט־דערהאָפטער
אַלטער חלום זיך צעבליצט...

ס'האָט זיך אַלץ גענומען מישן:
די בראַסלעטן אויף דײַן האַנט,
מיט די מורמלדיקע טישן
מיט די בילדער אויפן וואַנט.

אין אַנטקעגנדיקן שפּיגל
האָבן מאלפעס זיך געפרייט,

און געקײטלט אין אן עיגול
חאַבן הויקערס זיך געדרײט...

ס'האָט, פאַרגײיענדיק אין קײכך
עמיץ עמיצן געדראָט...
און געװען איז, װי כ'װאָלט שלײכן
אויף אַ דין־צעציטן דראָט...

ס'האָט מיר װער די קני געבויגן,
און געברענט האָט מיר די קעל,
און פאַרמבולט מײַנע אויגן
האָט אַן עפּלדיקע װעל...
— — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — —

כ'האָב ערװאַכט בײַ זיך אין צימער,
ביזט געזעסן בײַ מײַן בעט,
און אַ פאַרזיכטיקער שימער
האָט געשטרײפט שוין דעם פּאַרקעט..

האָסט געקוקט אויף מיר אין טרויער:
„שלאָף, מײַן ליבער... ס'איז נאָך פרי!..."
און געװײנט נאָך שטיל אין אויער
האָט די װײַטע Réwerie

## מיין לאָרעליי

כ׳האָב פרויען שוין פאַרשידענע געקענט!
אָ, וויפל קערפּערס פלעג איך גיין אַנטקייגן,
אויף וויפל ברוסטן בין איך שוין געלעגן,
אין וויפיל אָרעמס האָב איך שוין געברענט!

געוועזן זענען מאַנכע עלעגאַנט,
מיט אַ געשטאַלט אַ שלאַנקן, גראַציעזן;
און ס׳זענען אומגעלומפּערטע געוועזן,
וואָס האָבן שווער ווי עלפאַנטן, געשפּאַנט.

ביז לעכערלעכקייט—נאַרישע; און ביז
געפערלעכקייט—פאַרפירערישע־קלוגע,
וואָס פלעגן קאָנען מאַכן מיך משוגע
מיט זייער מינדעסטן מילביקן קאַפּריז...

פאַרחלומטע און האַרציקע ווי רות,
וואָס קאָנען נאָר צום גאָט פון שטילקייט דינען;
און תּאווהדיק, ווי יונגע טיגערינען,
פאַרליבטע אין דעם אָרגישן גענוס...

דאָך אומבאַפרידיקט בלייב איך צווישן זיי,
כאָטש כ׳האָב נישט איין אָפעליע און קאַסאַנדרע,

כ'בין טריי נאָר דיר, צווישן אַלע אַנדערע —
מיין איינציקע, מיין ליבע לאָרעליי!

דו זיצסט ביים פעלז פון מיין צעשטראַלטן ריין,
און זינגסט דיין ליד אין לעצטן זונען-צאַנקען...
אָ, טייערסטע! ווי הייס וועל איך דיר דאַנקן
בשעת איך וועל צום גרונט צום קאַלטן גיין!...

# שטאָטישעס.

און ווען דער אָוונט ערשט געבוירן,
ווארפט הויפנס שטילקייט דאָרט און דאָ —
דערהער איך זינגען די רעסאָרן
פון שוואַרצן גלאַנציקן לאַנדאָ

כ׳בלייב שטיין, נישט ווילנדיק, געבויגן,
ווען ס׳טוט דער בייטש אין לופט אַ הילך, —
און איך דערזע צוויי שוואַרצע אויגן,
אַגאַטן טונקעלע אין מילך...

עס טוט אַ שטרויס־פעדער באַקאַנטער
פאַר מיר אַ וויג־זיך ווייס און דין
און שפּיצן טייערע בראַבאַנטער,
און ליפּן רויטע, ווי קאַרמין...

אַ האַנט אין רינגען, בלאַס און לענגלעך
האלט טריי אַ הינטל אויף די קני,
אַ פּוכיק־ווייס׳ס, און רויטע סטענגלעך,
און אַ פאַרצערטלטעס, ווי זי...

ווער ביזטו, זאָג? דיין גאַנצעס האַלטן
איז פול מיט פרעכטיקן פאַרדאַכט...

צי האָסטו וואו אַ מאַן אַן אַלטן
און די אַנטלויפסט פון אים אויף נאַכט ?

צי ביזטו אַ גראַפס אַ בת-יחידה,
זיין איינציק שאַץ, זיין איינציק ציר?
און מאַכסט אין אָוונט-שעהן מידע
דיין שטילן טעגלעכן שפּאַציר ?

צי גאָר ביים שפּילן פון רומענער
דיין לייב אַנטבלויזטו אין דעם טאַנץ,
און נאָכדעם קומען מחנות מענער
אויף נאַכט צו אָפּקויפן דיין גלאַנץ ?

איך גיי נאָך לאַנג אַרום און בלאָנקע,
און כ׳זע אין דמיון נאָכאַנאַנד
אַ דראָבנע פּוכיקע באָלאָנקע,
און רייפלעך גאָלד אויף בלאַסער האַנט

# מיד

איך בלאָנדזשע־אום שוין לאַנג און וואָגל...
פאַרהיל מיך וואַרעם אין דיין שאַל,
און לאָז א קוש טון פון דיין נאָגל
די דינע ראָזיקע עמאַל...

שוין וויפיל וויטעק־יטן געמאָסטן,
און וויפל מאָל אין שטומע לייד
האָב איך מיין שווערד מיין האַלב־פאַרראָסטן
געריסן וואַהנזיניק פון שייד!...

און אין די נעכט, ווען ס'האָט דורך טויען
געשטראַלט מיין שטערן, מיין שמאַראַגד —
האָב איך אויף שמחות און אויף פרויען,
נישט איינמאָל אָנגעפירט א יאַגד!...

און דו ביי זיך אין מיידל־חדר
פלעגסט נייען שטיל ביי דער גאַרדין
און האָרכן, נייענדיק, כסדר
ווי יונגע לינדן זינגן דין...

באַר יונגע לינדן ווייסן גאָרנישט...
און פלעגסטו וועלן ווען אַרויס —

פלעגט עמיץ מורמלען דיר: „מען טאָר נישט...
דער וועג — צו לאַנג, די וועלט — צו גוירס...

אָ, טרינק מיך אָנ'עט פון דיין לאָגל,
פאַרהיל מיך וואַרעם אין דיין שאַל,
און לאָז אַ קוש טון פון דיין נאָגל
די דינע ראָזיקע עמאַל...

# צוויי חברטאָרינס

איך האָב צוויי חברטאָרינס שיינע —
די ערשטע איז מיט לאָקן בלאָנדע,
זי האָט צוויי אויגן בלאָע, ריינע
און שמייכלט שטיל, ווי דזשיאָקאָנדע...

די צווייטע האָט צוויי שוואַרצע אויגן,
אַ הויכע זוניקע און שלאַנקע —
דער גאַנצער קערפּער אויסגעבויגן,
ווי ביי א גריכישער וואַקכאַנקע...

און טרעפט אַ בליק מיך פון דער ערשטער
אין האַרץ אַ מעשהלע פאַרזייט ער;
און כ׳שטיי פון פלאַמען אַ באַהערשטער —
ווען כ׳זע די בליקן פון דער צווייטער...

איך פיל: אין מיר איז אַ מלחמה...
אַך, וועמען זאָל איך ליבן טרייער?
„די בלאָנדע!" זאָגט מיר מיין נשמה,
„די שוואַרצע!" שרייט מיין בלוט מיט פייער

# עלנט

אַך, נעלדי, שוויג! ניט וויין, ניט יאָמער,
ניט וועק מיין וואונר, מיין האַרץ ניט פליק
זי איז אַוועק, זי איז ניטאָ מער,
זי וועט ניט קומען שוין צוריק...

איך ווייס: דו בענקסט, ווי איך אין כרויער
און אפשר טיפער, ווי איך מיין;
ווער ווייסט, ווי גרויס איז דער באַדויער
ווער קאָן א הונטן־האַרץ פאַרשטיין?...

איך האָב געזען, ווי דו האָסט געכטן
געלאָפן האַסטיק הין און הער
ביים שטיין, וואו זי פלעגט אָפט פאַרפלעכטן
אין בלומען־קראַנצן איר באַגער...

דו האָסט געזוכט אַ שפור אַ ליבן,
אַ דופט, וואָס איז — ביז ווייטאָק־נאָנט
צי ס׳איז אַ קליידער־שאָרך געבליבן,
וואָס וואָלט אָן איר געשטאַלט דערמאָנט...

דו נאַר! דו האָסט צווישן גראָזן
געקלערט געפינען זי אויפסניי.....

פאַרשטייסט נישט, וואָס דאָס הייסט: פאַרלאָזן,
ווי קאָן מען זיין עס ניט געטריי?.

אַך טוליע נענטער זיך... און לאָמיר
אַליין דאָ טרוימען קאַלט פאַרשטאַרט,
זי איז אַוועק, זי איז נישטאָ מער,
זי האָט אי מיך, אי דיך גענאַרט!...

# איינזאַמקייט
(סאָנעט)

געבידערט האָט אַ טונקל אַ געדיכטער,
וואָס האָט אין לופט צעכוואַליעט זיך געלאַסן.
איך האָב געבלאָנדזשעט אין דעם רויש פון גאַסן,
וואו ס׳האָבן העל געלאַכט פערשייטע ליכטער.

אַנטקעגן מיר אין שטראַלנדיקע פּאַסן
געשוואומען האָבן גליקלעכע געזיכטער,
נאָר קיינער האָט באַמערקט די לייד פון דיכטער,
מיין פּנים, מיין פאַרחלומטן און בלאַסן.

דיך האָט געזוכט מיין אומרויקער בליק,
איך האָב געגאַרט צו הערן די מוזיק
פון דיינע ווערטער, פון דיין זאַנפטער שטימע.

כ׳האָב דיך געזוכט, נאָר סאיז געווען אומזיסט,
די איינזאַמקייט נאָר האָט מיך באַגריסט
און איינגעגליווערט אין מיין האַרץ איר חתימה

# מעז דאַרף נישט טראַכטן

נישט פרעג, צי דאָס װעט דויערן,
צי װעסט דערנאָך באַדויערן...
אַך, לאָמיר גאָר נישט טרויערן,
נישט פרעגן װאָס און װי

צי צװייפלען דען די זשומיקע
די בינען די אַרומיקע
אויף בייטן דופטיק בלומיקע,
װען ס׳טוט די זון אַ צי?...

צו װאָס, צו װאָס דאָס טראכטן לאַנג,
דאָס טראַכטן לאַנג און שמאַכטן באַנג,
און שטיקן דעם ערװאַכטן קלאַנג,
מיט צװייפל און מיט גאַל?...

אָך, בעסער, אַ באַקחייטלטע,
מיט הענט מיט פעסט־געקייטלטע,
מיט באַקן צאַרט פאַררויטלטע
אין מיינע אָרעמס פאַל!

# תאוה פונקען

איך ליב דיין נויג,
דיין יעדן בויג,
ווען ס'שטראַלט דיין אויג
פון גליק;

איך ליב אַזוי,
דיין צאַרטן „אוי"
וואָס שמעקט מיט טוי
פון גליק...

איך ליב אָן ברעג
דיין פרייד און שרעק
בשעת איך וועק
דיין בלוט;

בשעת איך צינד,
מיין ליבעס קינד,
דיין יונגע זינד
און בלוט.

נישט טראַכט, נישט קלער
פון דיין באַגער..

װאָס דאַרפֿסטו מער
פֿון גליק?

טאָ זינג און בלי,
און קוש און ברי,
פֿרעס קני צו קני
אין גליק...

## אַ שמייכל

כ׳געדענק — מיט בלומען העלע האָט באַפלעקט
די זון דעם מערב, און אַ ראָזער שיין
האָט שטיל די הויכע מויערן באַדעקט,
און איינגעוויגט פון טאָג דעם שווערן פיין...

עס האָט אין לופט די אָוונט-רו צעבליט,
דער רויש פון גאַס איז אָפּגעשטאָרבן לאַנג;
פאַרטראַכטער איז געווען דעם מענטשנס טריט,
און הארציקער, און שטילער — יעדער קלאַנג

איך האָב געבלאָנדזשעט, פון אַ טרוים באַגלייט -
און פלוצלינג: ביי אַ פענסטער אין דער הויך,
וואָס איז געווען אָפן, זע איך, שטייט
אַ מיידל; דאָס געזיכט פאַרטראַכט און בלייך...

איך האָב פאַרליבט אַ קוק געטון אויף איר —
וי האָט פארשטאַנען מיין געהיימען מיין,
ואַרלוירן אויף דער ערד אַ בלום פאַר מיר,
און אין מיין האַרץ אַ שמייכל, פול מיט חן...

כ׳האָב אויפגעהויבן פון דער ערד די בלום,
אַ קוש געטון איר קרוין, וואָס האָט געשטראַלט,

צום האַרץ מיט ליבע צוגעפּרעסט, און שטום
געדאַנקט די מילדע שמייכלענדע געשטאַלט...

אַ פרעמדער, אָבער דאָך אַ ליבער בליק
האָט מיך באַגלייט ווען כ׳בין אַוועק אַהיים:
כ׳געדענק דאָס קורצע, צופעליקע גליק
האָט מיט זיין רייץ צעפלאַמט מיין האַרץ געהיים...

אַוועק איז לאַנג שוין יענע העלע שעה —
נאָר צייטנווייז דערמאָן איך זיך אָן איר...
די בלום איז לאַנג פאַרוועלקט שוין און נישטאָ,
דער שמייכל אָבער בליט נאָך אַלץ אין מיר...

* *
*

איך ניי דאָס העמד
פון לייד צעקלעמט,
איך ניי אי טאָג, אי נאַכט;
וואָס טוט ער איצט
צי רוט ער איצט
אין פעלדער פון דער שלאַכט.

צי קושט אים שטיל
אַ ווינטל קיל,
אין אויגן און אין מויל;
צי לויפט ער אום
ביי דעם זום-זום
פון שונאס ווילדער קויל...

חוץ זיין געשטאַלט
איז אַלץ מיר קאַלט,
איז אַלץ מיר קאַלט און פרעמד
איך ניי און ניי,
מיין טרוים און וויי
פאַרניי איך אין דעם העמד...

טאָג-איין, טאָג-אויס —
אריין-אַרויס —
די נאָדל אַרבייט טרײַ
ווי דאָס געוואַנט,
איז בלייך מיין האַנט,
וואָס וויל נישט ווערן פרײַ...

איך ניי איך שטעפּ...
אַ שוואַרצער קרעפּ
ערוואַרט מיך אפשר וואו.
ווי שווער — דער פּיין,
ווי ווייט — דער שיין,
ווי ווייט די שטילע רו!...

ניי, נאָדל, ניי׳
פאַרניי מיין ווײַ
פאַרניי מיין כלה-פּיין...
פאַרניי מיין טרוים,
און נישט פאַרזוים,
עס זאָל צו שפּעט נישט זיין!...

# פאָרטרעט

הייליק בלאַס איז איר פּנים, ווי אַ יונגע לבנה
אין די אויגן די שמאָלע ליגט אַ טרויעריקער פלאַ;
זי איז ענלעך אַ ביסל צו דער צאַרטער מאַדאָננע,
צו דער צאַרטער מאַדאָננע אין סוקסטינער קאַפּעללע.

אירע בלייך־שמאָלע פינגער ווייט פון תאווה'יקע קראַמפן,
ס'ליגן רויק די לאָקן, אַזוי איינפאַך פאַרקעמטע;
ס'איז איר פרעמד די חרטה פון פאַרשפּעטיקטע קאַמפן,
און דער שמערצלעכער ווייטיק פון תענוגים פאַרזאַמטע

אירע בריסטן הייבן שטיל זיך אין געהאָרכזאַמען ריטמען,
ס'ליגט אַ ווייבלעכע תמימות אויף די שולטער די דינע,
רירנד היט זי איר חלום... אַזוי ציטעריק היט מען
אַ בוטאָן פון אַ האָפנונג פאַר די אויגן פון קנאָה...

אין איר לייב איר צעבליטן באָדט זי אָפּט פאַרן שלאָפן
און זי וויינט אַזוי האַרציק, אַזוי זיס, בעת זי וואַשט עס,
און דערנאָך טוט זי תּפלה, גרייט אויף ליידן און שטראָפן
פול מיט מוטערלעך ווייכער אַלפאַרצייענדער פשטות...

אַ געלייטערטער ערנסט, אַ באַשיידענע פונה
קוקט־אַרויס פון די אויגן די פאַרטרוימטע און חעלע

זי איז ענלעך אַ ביסל צו דער צאַרטער מאַדאָננע
צו דער צאַרטער מאַדאָננע אין סיקסטינער קאַפּעללע.

## אָוונט-מעלאָדיען

פאַרהענג דאָס פענסטער! פאַרלעש די ליכט!
כ'האָב ליב דעם טונקל, דעם בלאַסן מידן,
וואָס וויגט איין אַלעס אין רו און פרידן.
פאַרהענג דעם פענסטער! פאַרלעש די ליכט!

נויג אָן זיך נענטער צו מיר, מיין פריינט!
האַלז, קוש מיך צערטלעך און נעם אַרומעט,
פאַרטרייב מיין טרויער, פעריאָג מיין אומעט.
נויג אָן זיך נענטער צו מיר, מיין פריינט!..

כ'וועל קוקן, קוקן אָן אויפהער לאַנג
אין דיינע בלויע פאַרטראַכטע אויגן,
און כ'וועל די שטראַלן פון זיי אויסזויגן...
כ'וועל קוקן, קוקן אָן אויפהער לאַנג..

כ'וועל דורשטיק לעזן ביי דיר אין בליק
דיין צאַרטע ליבע, דיין בענקשאַפט שטילע,
א הייליק-ריינע, א שטומע תפלה
כ'וועל דורשטיק לעזן ביי דיר אין בליק...

אין דיינע אָרעמס, מיין ליבעס קינד,
וועט זיך צושמעלצן מיין שטילעס בענקן

און העלע טרוימען וועסטו מיר שענקען
אין דיינע אָרעמס, מיין ליבעס קינד.

פאַרהענג דאָס פענסטער! פאַרלעש די ליכט!
פון לאָמיר בלייבן אין דונקל מידן,
וואָס וויגט איין אַלעס אין רו און פרידן
פאַרהענג דאָס פענסטער! פאַרלעש די ליכט!...

פֿאַר דער גרויסער וועלט, דער ברייטער,
איז מיין האַרץ אַ העלער טעמפּל —
גאָט אַליין האָט אָנגעצונדן
דאָרט פֿאַר איר אַ ליבע לעמפּל...

ס׳איז מיין האַרצן ליב און טייער
דאָס גערויש פֿון וואַסער־פֿאַלן,
אויך איז טייער מיר דער מורמל
פֿון די קליינע זילבער־קוואַלן...

כ׳ליב די שטאָלצע ים־געזאַנגעי
ביי די איינזאַמע פֿיאָרדן,
דאָך איז ליב מיר אויך די פּיאַנאָ
מיט די צערטלעכע אַקאָרדן...

כ׳קני פֿאַר דער מוזיק פֿון דונער
ביי דעם שיין פֿון בליצן־שלאַנגען,
אָבער טריי איז אויך מיין ליבע
צו די מילדע פֿויגל־קלאַנגען...

וועלטן — שטורעמס, וועלטן — שפּילכלעך,
זענען ליבע געסט אין טעמפּל,

ס׳פלאַקערט אייביק, קיינמאָל גוססט
דאָרט דאָס הייליק ליבע־לעמפל...

# אין די נעכט.

אַין די נעכט אין די בלאָע פון זומער
ווילט זיך ליבן מיט פלאַמנדער לוסט,
און אין ליידנשאַפט דורשטיקער, שטומער
ווילט זיך טוליען צו עמיצנס ברוסט...

אין די נעכט אין די בלאָע פון זומער
ווילט זיך ליבן און זיין אויך געליבט,
עס געפינט נישט מיין האַרץ דאַן קיין רו מער
ס׳גאַרט מיט נאָך אַ האַרץ זיין דאַן פאַרקניפט...

אין די נעכט אין די בלאָע פון זומער
בענקט דאָס האַרץ נאָך אַ וואַרעמען בליק
אין לבנה־שיין בליט אויף מיין קומער,
און ס׳צינדט אָן זיך די בענקשאַפט נאָך גליק...

אין די נעכט אין די בלאָע פון זומער
פיל איך טיפער ווי איינזאַם איך בין;
אַך, דאָס גליק לאָזט צו זיך שוין נישט צוקומער—
ס׳נאָגט אַ שמערץ, ווי אַ גיפטיקער שפין...

# עס גיבן נשמות...

עס גיבן נשמות מיט שיינע באַגערן,
באַקרוינטע מיט קראַנצן פון הימלישע שטערן,
באַווייטע מיט דופטן פון פאַרביקע בלומען —
זיי בלאָנדזשן און קאָנען קיין רו נישט באַקומען...

זיי זענען געשטראָפט מיט אַן אייביקער בענקשאַפט—
זיי גייען אַדורך אין דער שטאָטיקער ענגשאַפט
ווי ליכטיקע שאָטנס פון ווייטע לעגענדן,
וואָס זוכן אין טומל וווהין זיך צו ווענדן...

יי טרוימען פון שטאָלצע, פאַרכּישופטע טראָנען,
פון זעגלען, ווי ווייסע צעפלאַטערטע פאָנען.
וואָס שווימען דורך ווייטע געפערלעכע וועגן
אין לענדער געהיימע, צו זוניקע ברעגן...

זיי טרוימען און ס'ווערן צעברעקלט די טרוימען
אָן ווערטער געמיינע, אָן אייזערנע צוימען —
זיי זינגען, דאָך פאַלט מיט אַ ווייטאָג אַנידער
אויף טרוקענע שטיינער דער קלאַנג פון די לידער...

זיי הערן נישט-אויף זיך פון ליידן צו שלענגלען
און ווייבען אין פיין ווי געפאַלענע ענגלען;

וואָס האָבן פון לאַנג דעם גן־עדן פאַרלאָרן
און זוכן און זוכן אים אייביקע יאָרן...

# אליין אין פעלד

ליב און היימלעך איז דער אָוונט.
ס'וויעלקט דער לעצטער זונען-גלאַנץ;
ס'האָט דער טאָג געשענקט דעם מערב
בלומען פורפורנע אַ קראַנץ —

כ'גיי אַרויס פאַרנאַכט שפּאַצירן —
איינזאַם שנירלט זיך דער וועג,
ביי די זייטן דרימלען ווערבעס,
דרימלען פעלדער אָן אַ ברעג...

קליינע, בלאָע בלימלעך ווינקען
פון דער גאָלדנער קאָרן-בייט;
ס'דאַכט זיך — עמיץ האָט פון הימל
בלאָע פייערלעך צעזייט...

כ'שווים אַריין אין טיפן קאָרן,
ווי אַ ווינטל זאַכט און לינד
און רייס אויס אַ בלאָען בלימל,
בליענד-צערטלעך ווי אַ קינד...

וועל איך אָנטרעפן אַ מיידל,
וועל איך זאָגן: „נעם עס צו!

„זיי אַ חברטע מיר מיידל,
„אין דער שטילער אָוונט־רו!

און איך לאָז מיך מיט מיין בלימל
אין דער ווייטקייט, וועלכע שלאָפט...
אַלעס דרימלט... נאָר דער ווינטל
רירט די שטרענגע שטילקייט אָפּט...

# פארנאכט אויפן גאנעק

ווי שיין דו זעסט איצט אויס, מיין קינד!
טרוימסט רויק אויף די טרעפּלעך,
און נאָר אַ ווייטער אָוונט-ווינט
באַוועגט די בלאָנדע צעפּלעך...

פון טוי דאָס ווייסע קליידל פייכט
דאָס קעפּל שטום געבויגן,
און ס'אָטעמט קוים און ציטערט לייכט
דיין בענקשאַפט אין די אויגן...

עס רוט ביי דיינע פיס אַ טויב,
אויף אירע ווייסע פליגל
צעשיט די זון רובינען-שטויב
מאָלט אויס אַ רויטן זיגל...

אָ ליבסטע, זע, ווי רויק ליגט
דאָס טייבל דיר צופיסן —
עס איז מיין האַרץ, וואָס שיקט ענטציקט
דיר שטומע טרייע גרוסן...

יאָ, קינד, דאָס ליגט פאַר דיר און רוט
מיין שניי-ווייס האַרץ אין פריידן...

און זעסט דעם רויטן פלעק?... ס'איז בלוט
ס'איז בלוט פון ליבע ליידן...

אָך, זיץ אַזוי אין שטילע רו
און לאָז קיין ווערטער הערן,
ביז ווייט אין הימל ערגעץ וואו
וועט אויפבליען אַ שטערן

ליבסטע! ליבסטע! איך בין שיכּור
פון דער ווייסער ווינטער-שיין,
וואָס באַרוישט, ווי אַלטער וויין,
פון באַשטראַלטע שנייען-שטיקער,

וועלכע בלענדן,
וועלכע טאַנצן ניט גערוט...
כ'פיל עס זינגט אַ ווייסער יום-טוב אין מיין רוישנדיקן בלוט
זיינע נאַכטיקע לעגענדן...

## אַ פֿאָלקס־מאָטיוו

בלימעלעך בלאָינקע, בלימלעך שייניקע,
רייצט נישט מיין האַרץ, וועלכעס נאגט.
פונקט אַט אַזעלכענע בלאָינקע אויגעלעך
האָט מיין געליבטע פאַרמאגט...

וואַסערלעך קילינקע, וואַסערלעך שטילינקע
מורמלט ניט: איך בין באַטריבט.
פונקט אַט אַזוי פלעגט מיר מורמלען: "מיין טייערער
די, וועלכע איך האב געליבט...

פויגל דו ליבינקער, פויגל די גאלדינקער
זינג ניט, וואָס ועקסטו מיין שמאַרץ?
פונקט אָט אַזוי פלעגט מיר זינגען מיין מיידעלע,
וועלכער געהערט האָט מיין האַרץ...

בוימעלעך יונגינקע, בוימעלעך גרינינקע
רוישט ניט און רירט ניט מיין וואונד;
פונקט אָט אַזוי רוישט דאָס בליענדע בוימעלע
שטיל אויף איר קבר אַצונד...

# אָוונט־זון.

דאָרטן הינטער די שאָטנס פון שייער,
וואו עס בליען די טאָפּאָלען גרין,
נידערט לאַנגזאַם די זון אין אַ פייער,
ווי אַ ריזיקער רויטער רובין...

ס'גליט די זון הינטער נעצן פון צווייגן
פון איר אייגענעם פלאַקער באַהעלט;
און מיר דאַכט, אַז אין הייליקן שווייגן
גייט־עס־אונטער דאָס האַרץ פון דער וועלט.

ס'האָט ביז אָוונט פון ליבע געפלאַטערט,
און פון גאָלדענער ליידנשאַפט מיד,
שטאַרבט עס אָנמעכטיק איצט און פאַרמאַטערט
און דערזינגט שוין דעם סוף פון איר ליד...

דאָרטן, הינטער די שאָטנס פון שייער,
שטאַרבט די זון אין איר פורפור־געצעלט,
און מיר דאַכט אַז פאַרטרונקען אין פייער
גייט עס אונטער דאָס ד־האַרץ פון דער וועלט...

# אָוונט=שעהן

(אָקטאַוון)

אָ, שאָטנדיקע, אָוונטיקע שעהען—
ס'האָט אייער פליגל ווידער מיך באַשיצט!
מיין האַרץ איז איצטער לייכט, אַזוי ווי טויען
וואָס האָבן זיך אין אָוונט- פעלד צעשפּריצט;
און אין מיין בליק נעמט אייער שטילקייט בלויען,
די שטילקייט, וואָס באַווייט די פעלדער איצט.
אָ, זייט געבענטשט פאַר אייער קילע רו'
וואָס צפּנט ס'האַרץ און מאַכט דעם מח צו!

עס לויכטן=אויפעט מיסטיש=שטום די שויבן,
די ביים געבעט אין טעמפּל אָוונט-צייט;
און תפילות קומען-לופטיקע, ווי טויבן,
פון אומבאַקאַנטן לאַנד, פון ערגעץ ווייט;
און עמיץ שרייבט מיט זילבער=טינט פון אויבן
און עמיץ פרעגט: דו ווייסט, וואָס דאָס באַדייט?״
אָ, יאָ! דאָס ווייזט איר פראַכט די אָוונט=שעה,—
די בשמימדיקע, שיינע מלכּת=שבא...

דער טאָג=וועג מיט די זאַמדיקע זיגזאַגן
האָט זיך פערטרוישט אין גרין=באַטויטן שטעג;
פון לבנהקע, קריסטאָל'נע סאַרקאָפאַגן

זכרונות שטייגן אויף פון ווייטע טעג;
זיי קוקן זיך אַרום, ווי ס'וואָלט נישט וואָגן
באַרירן זייער פוס דעם ערדן-ברעג....
נאָר ביסלעכווייז די שרעק פון זיי אַנטרינט
און זייער נעץ ווערט זיכערער געשפּינט.

ס'איז די לבנה שטיל, ווי אַ לאַמטערן
וואָס ברענט אין נאַכטיק ים ביים שפּיץ פון מאַסט;
די שטערן מיט אַ שמייכל מיך באַערן—
אַ שטומער גרוס אַ צופעליקן גאַסט;
און צווישן אַלע זע איך קלאָר מיין שטערן,
מיט וועלכן כ'בין נאָך פון מיין וויג פאַרקנסט;
האַלב-אָפן איז זיין זילבער-גרינע ברעם,
און ס'ציטערט שטיל אויף אים זיין דיאַדעם....

אָ, שטילע שעהען! כ'ליב אייך ווי דער פּאַוון,
וואָס שפּרינגט אַ צינד אין וואַלד מיט לייכטע טריט
אָ, זעט: איך מורמל תּפילות אייך, איך דאַוון—
אַ הייליקייט מיין בליק און וואָרט פאַרציט;
און אין די לאַנגזאַם- ריטמישע אָקטאַוון
פליסט-איבער מיין באַרויקטער געמיט.
כ'פיל אויף מיין קאָפּ, וואָס איז אָן ברוסט געלענט,
דער אָונט-שטילקייטס בענטשנדיקע הענט....

# ביי דער ווילִיע

די שטילקייט נידערט לאַנגזאַם אויף דער ווילִיע,
און נויגט זיך ווי אַ מלאָך צו דער שטאָט;
דער אָוונט שלייכט אין פּורפּורנער מאַנטיליע,
וואָס פלאַטערט ביי זיין יעדן לייכטסטן טראָט;
ס'צושפּרייט זיך ווייט אַ רויִקע אידיליע,
און לעשט דעם טאָג, וואָס האָט מיט רויש געדראָט...
איך ליג אַליין אין קילן גרינס ביים ברעג,
און קוק אַראָפּ צום לאַנגן וואַסער-וועג.

פון ברעגעדיקן גאָרטן פון צובליטן
קומט-אָן אַ ווינטש-גרוס, שמעקעדיק און פריש;
אויף אַלץ דער שיין פון מערב פון צוגליטן,
פון רויט און ראָז אַ פאַרביקער געמיש.
און אויף דעם וואַסער טונקלען זיך די פליטן,
ווי רוקנס פון געהיימע ריזן-פיש...
זיי שווימען-דורך און שווינדן וואו אַוועק,
פאַרטוישנדיק זיך אין אַ דראָבנעם פלעק...

די שעהען זענען האַרציקע, אינטימע.
ווי אויגן פון אַ יידיש ליטווישע פרוי;
אין בוימער-גרינס זינגט עמיצנס אַ שטימע —
זי שמעקט מיט יוגנט-ווייען און מיט טוי...

אין הימל און אין זעל — קיין איינציק פגימה,
די גאַנץ נאַטור האַלט-איין אַ שטילן „אוי״...
אַ דורכזיכטיקע תּפילה נעמט אַרום
די ווילִיע, אונזער אָרמע ליטע-בלום...

און אָט-אָ קומען ערשטע נאַכט געדרון —
די שאָטנס און אַ נעפּלדיקער רויך ;
און טרויעריק, ווי לידער פון ווייס-רוסן,
דערשיינען שטילע שטערן אין דער הויך ;
זיי ציטערן אין וואַסער מיר צופוסן,
ווי גלי-ווערם אין גריגעגדיקן שטרויך...
עס וויגן זיי די וועלעכלעך געלינד,
ווי ס׳וויגט אין וויג אַ מאַמע אירס אַ קינד...

אין יִידישן בית-עולם אין דעם אַלטן, —
וואָס איז אויף יענעם ברעג פון שטילן טייך, —
פון קברים שטייגן-אויף אַצינד געשטאַלטן,
מיט זייער גאון דאַוונעגדיק צו גלייך...
און ס׳דאַכט זיך אויס מיר : פון תּכריכים-פאַלטן
טוט שטיל אַ לייכטער רויש צו מיר אַ שלייך...
דעם גאונס אויג איז צו דער שטאָט געווענדט,
און ס׳דראָען דאַכט, די אויסגעשטרעקטע הענט...

פליס, וואַסער, פליס און מורמל דייגע לידער,
דעם סוד פון טויט און לעבנס-פרייד באַהאַלט !
כ׳וועל האָרכן דיך, אַ שטילער און אַ מידער
ביז ס׳שלאָפט די נאַכט נאָך אין מיין בגדים-פאַלט :

וועט נאָר דער טאָג-גערויש דערוואַכן ווידער —
פאַרלאָזט דיך מיין געבויגענע געשטאַלט;
מיט ערשטע רויכנקנוילן פון פאַבריק
וועל איך אין שטאָט זיך אומקערן צוריק.

# צפון

ווען ס'קומען שטערן, און טרוימיש גאפן
אין די פארנאכטן אין די פארטראכטע —
דאן ווילט זיך ווענן, אז אין א האפן
זאל אונז ערווארטן א בלאע יאכטע...
עס זאלן שטערן און ים-אקארדן
אונז שטיל באגלייטן אין ווייטסטע ווייטן,
צווישן אייז-בערג, דורך די פיארדן,
וואס היטן סודות פון אלטע צייטן...
דער שטאלצער וויקינג, דער קאלטער צפון
זאל אונז באווייען מיט זיינע צויבער,
מיט האריזאנטן, וואס שטייען אפן,
מיט שניי מדבריות וואס בלאנקען זויבער...
די נאכט זאל רוען אויף איר געלעגער,
די נאכט זאל ליגן אין שטרענגן טרויער,
אויף ווילדע פעלזן אויף די נארוועגער,
וואו ס'וויקלט שלייערס א שיין א בלאער...
און אין דעם אפשיין, דעם בלוילעך-בלייכן,
וועט זיך צעוויגן א לאנגזאם ניגון —
דאס וועט אין שטילקייט צו אונז דערגרייכן
פון ווייטסטער ווייטקייט א גרוס פון גריגן...

# ליטע־פּייזאַזשן

א.

## די לעצטע גאַרבען

די גאָלדענע היץ איז שוין לאַנג אין די קילע
און צערטלעכע אָרעמס פון אָוונט צורונען,
און ס'האָבן צופלאַמט זיך די שויבן מיט ברעקלאַך
פון רויטלעכע זונען...

עס הערט זיך פון וויטן אַ רוישן: דאָס פאָרט שוין
דער וואָגן דער לעצטער מיט גאָלדענע גאַרבן,
עס לויכטן די זאַנגען און גיסן זיך איבער
מיט פורפורנע פאַרבן...

די אַרבעטער גייען געקייטלט אין רייען,
באַגלייטן מיט שמחה דעם וואָגן אין שייער
און ס'טרונקט זיך דער שטאָל פון די סערפן און קאָסעס
אין קרענקלעכן פייער...

פאָרויס לויפט אַ שלאַנקעס אַ בויגיקעס מיידל,
באַצירט מיט אַ בלומען־קראַנץ; זינגט און שפרונגט אונטער
ס'באַוועגט אָפּט איר יונגינקע ברוסט אַ געלעכטער
אַ פריער, געזונטער...

דערהערט דאָס געזאַנג — הויבן אָן זיך באַווייזן
אין שמאָלינקן געסעלע קינדער און פרויען,
עס לויכט זייער בליק מיט דער רו פון די מידע
פאַרנאַכטיקע שעהען...

אַ טונקעלע, צערטלעכע האַנט וועט איינגיכן,
אין מערב די וונדן, די רויטע פאַרהיילן, —
מען וועט זיך צוזעצן אויף פריזבעס, און היימלעך
זיך מעשיות דערציילן...

## ליטע־פּייזאַזשן

II

### אין נאַכטיקע פעלדער

עס ציען זיך שטום אין דער ווייטקייט, דער בלויער
פעלדער, באַוועבטע מיט קאָרן און ליין,
זיי אָטעמען שטיל מיט אַ נאַכטיקן טרויער,
טרינקען זיך שטיל אין אַ מאַטאָוון שיין.

און לאַנגע און טונקעלע סטענגעס פון וועלדער
שוואַרצן זיך ווייט ביים דעם הימלישן זוים;
עס דאַכט: ס'האָט אַרומגעכאַפּט עמיץ די פעלדער
מיט אַ פאַרכישופטן, אייזערנעם צוים.

אַזוי, ווי אַ ריז אַ געבויגענער, אַלטער
דרימלט אַנ'איינזאַמער צלם ביים וועג;
עס דאַכט: אין זיין הילצערנעם האַרצן באַהאַלט ער
סודות פון אַלטע, פאַרשוואומענע טעג...

ס'איז שטיל. אין אַ נעץ פון חלומות געפאַנגען
שלאָפט שוין די אָרימע, צאַרטע נאַטור;
נאָר צייטנווייז הערן זיך איינציקע קלאַנגען,
ס'רוישט ערגעץ־וואו אַ פאַרשפּעטיקטע פור...

# מ ײ ז װ י נ ק ל

בװײס אַ צוּיבערדיקן װינקל,
אין אַ גרינעם בלומען גאָרטן
װאו מיט דופט איז אָנגעטרונקען
דער באַשטראַלטער, העלער רוים —
גיט דער טאָג אַ לעצטן פינקל
בלאָנדזשע איך שוין אומעט דאָרטן
אין לײכטן טרוים פאַרזונקען
אין אַ ראָזן אָוונט־טרוים...

דאָרטן רוט אַ װאַסער־שפּיגל —
בלוי און שטראַלנד װי דער הימל —
צװישן ברעגן העל־באַגרינטע
מיט אַ סאַמעטענעם גראָז;
אין זײַן װײכן גרינעם װיגל
װײזט ער אויס װי מיט אַ דרימל
אַ באַװעבטע, אַ באַשפּינטע
בלויע, דורכזיכטיקע גלאָז...

ס'בליען ליליען דאָרט אין אומעט,
און זײ הערן צו דעם שטילן
מידן רויש פון די פאַנטאַזען,
װעלכע מורמלען נעבן זײ;

און עס שווימען דאָרט אַרומעט
אויף דעם וואַסער, אויף דעם קילן
גראַציעזע, שלאַנקע שוואַנען,
פּונקט ווי קנוילן ווייסן שניי...

טייער-ליב איז מיר דאָס ווינקל,
מיטן רוישנדיקן וואַסער
מיט די שוואַנען, מיט די בלומען,
מיט דעם גרינעם ברעגן-זוים;
ווי עס גיט א לעצטן פינקל
נאָר דער אָוונט-שטראַל דער בלאַסער
האָב איך ליב-אַהין צו קומען
מיט מיין קינדיש-ראָזן טרוים.

## אונט־טרויער

ס׳גליט אין מערב־זייט א פלאַם...
ביי דעם קלאַנג פון קירכן־גלאָקן
גוססט שטיל די אָוונט־מלכה
אין אַ ים
פון רובינענע־לאָקן —

מיט אַן אומעט־הויך באַחנט
שוועבן שטיל די טויבן־שעהען...
עמיץ דאַכט זיך אויף די פעלדער
ווייַנט און ווייַנט,
ווייַנט מיט קלאָרע טויען...

שאַ... אין טונקל־בלויען פאַס
איז די מלכה שטיל געשטאָרבן —
שטאָלץ באַווייזט זיך די לבנה...
שטאָלץ און בלאַס
קוקט זי אויף איר קרבן...

ס׳ווינקען שטערן שוין אַרויס...
פון די בוימער פון די פלויטן
פאַלן קילע טרויער־שאָטנס,
לעשן אויס
די פאַרטרוימטע קוויטן...

# אויפן באַרג

דאָס קליינע, ווייסע הייזל הענגט
אויף אַ באַגרינטן בערגער־רוקן
עס קוקט פאַריתומט און פאַרבענקט,
ווי עמיץ וואָלט עס דאָרט פאַררוקן...

און אונטן ליגט אין טיפן טאָל
אַ וועג אַ שמאָלער אַ געשמידטער
אין פאַסן טונקעלע פון שטאָל
וואָס זעען אויס ווי שטייפע ריטער...

כ'האָב ליב צו קוקן פון דער הויך, —
ווען ס'שטעלט די נאַכט איר טריט איר פוילן,
און זען ווי ס'לויפט אַ צוג אין רויך,
אַרומגעוועבט מיט ווייסע קנוילן.

ער לויפט אַדורך און טוט אַ צי
נאָך זיך אַ לאַנגע סטענגע פינקען,
אַ הויפן רויטע קאָנפעטי
וואָס ציטערט שטיל און ווערט פאַרזונקען...

ס'בלייבט איבער וואו אַ פונק אין רוים,
ער גוססט לאַנגזאַם און פאַרלוירן,

און ווערט פאַרלאָשן ווי אַ טרוים,
וואָס ווערט אין שווערע נעכט געבוירן.

און ערגעץ צאַנקען רויט און גרין
די ווייטע פייערלעך-סיגנאַלן,
און רופן מיך אַהין, אַהין
וואו ס'ווערט דער לאַנגער וועג פאַרפאַלן

און ס'ווילט זיך נידערן אַראָפּ,
זיך מיט דעם וועג דעם שטומען לאָזן,
וואו זעלטן פליט נאָר דורך אַראָפּ
און ביי די זייטן זינגען גראָזן.

# אין טבת

ווי שווער איז אין גאָרטן אַן עלענדן שפּרייזן
אין קאַלטע פאַרנאַכטן פון טבת!
עס דאַכט זיך: עס האָבן געפאַנגען מיך קרייזן
פון שטומע און ווייסע מצבות.

דער גאָרטן — אַן אַלטער בית־עולם אַ וויסטער,
די שאָטנס — פאַרהילטע מאָנאַכן,
און הערט זיך אַ שאָרך – דאַכט זיך אויס: ס'איז אַ פליסטער
פון איינעם, וואָס פרואווט זיך צרוואַכן.

עס טוט ניט קיין סקריפּע דאָס קלייניקע טירל,
און שיקט מיר ניט קיינעם אַנטקייגן;
אַ ווינטעלע נאָר, ווי אַ זיידענעס שנירל,
באַזוכט דאָ די שנייאיקע שטעגן.

און אויבן דאָרט קרייצן זיך פינסטערע ראָבן,
און מאָלן פאַרשאָלטענע שטריכן,
און שפּעטן פון טרוימען, וואָס זענען באַגראָבן,
וואָס האָבן אין שנייען פאַרבליכן.

# נאַכטיקע בלומען

שטאַרבט אָפּ אויף די ברוסט פון די רויזן דאָס זשומען
און צינדן זיך ליכט אין דעם הימלישן שלאָס —
צעוויקלען זיך לאַנגזאַם די נאַכטיקע בלומען,
און עפענען שעמעוודיק-אויף זייער כּוס.

זיי גריסן דער בלאַסער לבנה אַנטקייגן,
וואָס לויכט ווי אַ פּנים אין בלאָליכן שטאָף,
און ס׳הויבן די בלעטעלעך אָן זיך באַוועגן,
אַזוי ווי זיי וואָלטן ערוואַכט פון אַ שלאָף.

פאַרמאַכט איז ביי טאָג זייער האַרץ, ווייל זיי האַסן
די קושן די פרעכע פון זוניקן גאָלד;
זיי זענען פאַרליבט נאָר אין אָפּשיין אין בלאַסן,
זיי האָבן דעם חלום פון טונקל נאָר האָלד.

עס זענען פאַרהאַנען אַזעלכענע זעלן:
ס׳איז פרעמד זיי דער וועג צו די פלאַמען פון זינד,
זיי קאָנען נאָר קניצן פאַר טונקעלע שוועלן,
און בעטן און טרוימען אַזוי ווי אַ קינד.

## נאַקטיורן

עס קוקט די לבנה אַ שטאָלצע און שטרענגע
אַראָפּ אויף דער וועלט מיט אַ בלאַסלעכן שיין,
און ס'וויגט זיך און ציטערט אַ זילבערנער סטענגע
אַריבער דעם טײַכל, וואָס דרימלט שוין איין.

ס'באַזוימען דאָס טײַכל פֿאַרשלאָפֿענע ביימער,
און בילדן אַ דופּטיקן, גרינענדן צוים;
מיר דאַכט: יעדער בוים איז אַ ריזיקער שומר,
וואָס היט דא דעם טײַך אין זיין לופּטיקן טרוים.

אזוי, ווי אַ שלאָס, וואו עס נעסטן געשפּענסטער,
שטייט איינזאַם דיין שטוב אויף דעם ברעג, וועלכער גרינט;
עס שווענקט זיך אין וואַסער דיין אָפֿענער פֿענסטער,
וואָס איז מיט אַ שטראַלנדן שימער באַשפּינט.

דו שפּילסט... אַ פֿאַרחלומטע צאַרטע לעגענדע
דער נאַכט דער באַטויטער דערציילט דיין קלאַוויר;
עס פֿליסט דורכן פֿענסטער דאָס שפּיל אָן אַ ענדע,
און סודעט זיך שטיל מיט דעם הויכן אַ איר...

עס טריפֿן און טריפֿן די איינזאַמע קלאַנגען,
עס שוואַרצט זיך ביים פֿענסטער-שויב דיין סילועט;

ב'הער־צו פון דער ווייטן — אַזוי ווי געפאַנגען, –
און ס'מורמלען די ליפּן א שטילן געבעט...

# אין אַ הערבסט-פרימאָרגן

(סאָנעט)

דער טאָג ערוואַכט אַ קאַלטער און א מידער
אַזוי ווי פון אַן אַלטער פרוי אַ קוס,
אַזוי ווי אַ פאַרשפּעטיקטער געגרוס,
דאָס וועקט קיין רייץ, וואָס וואַרעמט נישט די גלידער.

אין האַרצן ציטערט הילפלאָז אַ פאַרדרוס
כ'גיי-אום אין גאָרטן ס'דרימלען וואו די לידער,
אין בלעטער-גאָלד, וואָס קניט פאַר מיר אַנידער,
זינקט איין זיך לייכט און פאָרזיכטיק מיין פוס...

כ'גיי אום און קוק מיט שטומע מיטליידס-בליקן,
ווי ס'וואַנדערן די ווינטן אום און פליקן
פון גאָרטן זיין פאַרוועלקטעס, אַלטעס קלייד...

ס'שטאַרבט אָפּ דער לעצטער הויך פון זומער טעמפּל,
און ס'רוט אויף אַלץ אַ שטראַלנדיקער שטעמפּל
פון שטילער רו, פון מיידלש-צאַרטע לייד...

# א נאַכט-צוג

ס'טראָגט דער צוג זיך אויף אַ שטייפּי
אויף אַ שטראַלנדיקן שטאָל,
ס'ציטערט אָפּטמאָל-אויף אַ פייפן,
ווי אַ הייזעריקער קול.
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ,
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ
רוישט עס טויב אין שטילן טאָל...

ס'וויקלען-אויף זיך פעלדער ברייטע,
ס'צאַנקען פלעמלעך וואו-ניט-וואו:
כאַטקעס איינזאַמע צעזייטע
רוען, טרוימנדיק אין רו...
טראַ — טאַ — טא — טאַ,
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ,
ס'רויבט דער רויש דעם שלאָף מיר צו...

ס'פליען גליענדיקע פונקען
פאַר דער פענסטער-שויב פאַרביי,
אָט-אָ ווערן זיי פאַרזונקען,
אָט-אָ פינקלען זיי אויפסניי —
טראַ — טא — טאַ — טאַ,
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ,
רודערט שטורמיש, ווילד און פריי...

ס'האָבן זיילן זיך באַווײַזן
און פֿאַרשוואונדן ווידער שנעל.
פונקט ווי שומרים, פונקט ווי ריזן
פֿאַר אַ כּישופֿדיקן שוועל...
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ
ס'דאַכט זיך — ס'לאַכט אַ טײַוול-זעל...

ס'שוועבט דער צוג מיט אַ געפּילדער
ווי אויף סטענגעס פֿון קריסטאַל
ס'הערט זיך אפּט אַ פּײַף אַ ווילדער
ווי א הייזעריקער קול —
טראַ — טאַ — טאַ — טא
טראַ — טאַ — טאַ — טאַ
רוישט עס טויב אין שטילן טאָל.

# זומער־פאַרנאַכט

ווי טייער איז דער אָוונט מיר, ווי טייער און ווי נאָנט!
כ׳האָב ליב אויף גרינע לאָנקעס דאַן אַן איינזאַמער צו טרעטן,
און זען ווי אויף דעם פּורפּור ראַנד פון ווייטן האָריזאָנט
שטיל דרימלען־איין פון יונגע בוימלעך שלאַנקע סילועטן...

איך הער מיך צו די תּפילות צו, וואָס ציטערן אין רוים,
און פון מיין אויג געהיימע, צאַרטע בענקשאַפטס־טרערן רינען,
וואָס פאַלן מיד אין גראָז אַראָפּ און רירן אָן קוים־קוים
דעם אָוונט־טוי, וואָס גליט און פלאַמט מיט טויזנטער רובינען...

אַ מערב־אָפּגלאַנץ דעקט מיט גאָלד דעם וועלדלס גרינע קרוין,
ס׳צעשמייכלט זיך דער מאָך — מיט פלעקן שטראַלנדע באַשאָטן־
און ס׳ציגדן זיך די באָדלען אָן און לויכטן גאָלדיק־ברוין,
ביז אויסגעלאָשן ווערן זיי אין טונקל־מידן שאָטן...

ס׳ערוואַכט זיך מיט אַ רויש אַ מחנה ווינטלעך ערגעץ נאָנט,
זיי שמעקן שוין מיט נאַכט און רו, גליטשן זיך און גלעטן,
און רוימען אין מיין אויער איין: אין בלאַסן שיין פון מאָנד
וועט קומען באַלד דער נאַכט־גאָט פון דעם מזרח־האָריזאָנט
און וועט אויף גרינע לאָנקעס אַ פאַרטראַכטער איינזאַם טרעטן...

# אין אַ פּרילינגס־טאָג

דער פרילינג שטראַלט אין די אַלעען,
און טריפט אַ דופטיקן גערוך,
אין בלויען הימל שווימען רייען
פון ראָזע וואָלקנדלעך ווי פוך;
עס ליגט אין גראָז פאַר מיר אַ בוך
איך ליג און לייען.

און פלוצלינג טוט אַ בלאָז אין עטער
אַ לייכטער ווינט פון וויטן פעלד,
מישט־אויף אין בוך די ערשטע בלעטער,
וואו ס׳וויס קיין טרער נאָך נישט דער העלד,
וואו ס׳ווינקט אים פריי אַ ברייטע וועלט
מיט העלע געטער...

איך וואַרף דאָס בוך... אַ שטראָם אַ נייער
פילט־אָן מיין ברוסט און רוישט אין בלוט;
ס׳צופלאַמט זיך העל מיין בליק מיין פרייער,
און קוקט פאַרליבט אַהין, וואו ס׳רוט
דער הימל... ס׳ברענט אין מיר ווי גלוט
אַ יונגער פייער...

אָ, פרילינג האָסט באַלעבט די גלידער
פון האַרץ מיין יאוש אָפּגעווישט

דו האָסט מיט דיינע שטאָלצע לידער
מיין ערשטע בלאַט איצט אויפגעמישט, —
און האָסט אין מיר אַצינד, דערפרישט
מיין קינדהייט ווידער.

## ווינטער־גאָרטן

אָ, זיי געגריסט, דו אַלטער גאָרטן, ווידער!
עס דעקט דיך איצט אַ ווייסע זילבער-לאַסט,
דו שטייסט אַליין, פאַרלאָזן און אָן לידער,
טאָ הער זשע איצט די לידער פון דיין גאַסט...

דו האָסט פון לאַנג שוין ניט געהערט קיין טענער:
פון זומער אָן האָט דיך קיין מענטש באַזוכט,
ביזט ווייט אַצינד פון גרינער שעה פון יענער,
ווען ס'האָבן דיך באַהאָנגען גאָלדנע פרוכט...

טאָ הער זשע נישט די קראָ, וואָס שרייט פון ווייטן,
ויג אָן באַזאַכט דיין אויער צו מיין קלאַנג;
נאָר כ'וויס נישט, צי כ'וועל קאָנען דיר פאַרבייטן
מיט מיין געדיכט דעם פויגלשן געזאַנג...

אויב יאָ, אויב יאָ דאַן לאָז מיר זינגען איצטער —
און וועט די שוואַלב אַדורכשניידן די לופט,
דאַן וועסטו, פון די טויען אַ באַשפּריצטער
מיר אָפּצאָלן מיט לידער און מיט דופט...

# א בלעטל פון א זומער־פּאָעמע

כ׳גיי אָרום און בלאָנקע
אויף דער סאַמעטענער לאָנקע,
אויף די פּערלדיקע טויען
אין די זאַנפטע מאָרגן־שפּהען...
פון די קוסטעס, וועלכע שטייען
ווי פאַרגליווערטע, אין רייען
פּאַלן שאָטנס, בלאָע, קילע
אויף די גרעזעלעך די שטילע.
פון דער לאָנקע פון דער ,פּייכטער
הויבט זיך אויף א רויך א לייכטער,
א פאַרחלומטער און צאַרטער,
ווי די טריט פון מיין געגאַרטער...
אָנגעטרונקען פול מיט דופטן
וויגט ער אום זיך אין דער לופטן,
וויגט זיך אומעט אויף די גראָזן
מיט די ווינטעלעך, וואָס בלאָזן.
און אין זיינע שניי־געוועבן
בלאָנדזשען אָפּשיינען און שוועבן,
ווי דורך פאָרהאַנגען און פענסטער...
ווייטע, שטראַלנדיקע פלעקן
הויבן אָן דעם נעפּל וועקן,
הויבן אָן אים שטיל צו צינדן —

און די נעבל-פּאַליעס שווינדן...
זיי צעגייען און צעפּאַלן
אין די אָרעמס פון די שטראַלן,
און די לאָנקע די באַגרינטע
קוקט פון שלאָף אַן גאָלד-באַשפּינטע...
רוישן נעמט דער וואַלד דער נאָנטער,
און די פויגעלעך דערמאָנט ער,
אַז דער מאָרגן איז געקומען,
אַז עס וואַכן שוין די בלומען...
ווערן אומעטום געבוירן
דינע קלאַנגען, פויגל-כאָרן,
און עס קלינגט דער וואַלד-אָרקעסטער
אין די אויפגעוואַכטע נעסטער
ס׳קומען שטראַלנדיקע פיילן,
טאַנצן-אום אויף סאָסנעס זיילן,
אויף דעם מאָך, דעם ברוינעם, שפּרינגען
פּינקט ווי כישופדיקע רינגען,
פונקט ווי שמייכלענדיקע בליקן,
וועלכע גליען פון ענטציקן...
און די ווערעריקע די געלע
שטיפט שוין?...

— — — — — — — — —

# ס׳ברענען די פלאַמען

ס׳ברענען די פלאַמען — בלוטיקע ראַמען, פורפורנע
צאַמען — דאָרט אויפן ראַנד;
עמיץ אַ ווייטער אײַנזאַמער רײַטער, זוניק-פאַרשייטער
פאָכט מיט דער האַנט.

העל און רובּיניק, סודיק-בּורשטיניק רײַט עס אַ קע-
ניג, פאָכט מיטן שווערד,
און אַ צעהיצטער, ליכטיק-צעבּליצטער, גינגאָלד-באַ-
שפּריצטער הויבּט זיך דאָס פערד.

זעצן די שוימען צווישן די צוימען, זעצן און שטרוי-
מען ווילד פונם מויל,
פערד-גריוועס פאָכן, קנוילן זיך, קאָכן, — בלוט פון
נצחון שטראַלט אויפן קנויל.

פאַנצערס צעגליטע, שטאָלן-געשמידטע, פאַנצערס
געניטע - זיגערשער צויל,
גאָלדענע שניצן, גאָלדענע קריצן, שטראַלן און בּליצן
העל אויפן שטאָל.

# אפריל

אַרום בלאָנד־געלאָקטן יונגלינג, אַרום דופטיקן אַפּריל,
גייען רייען שלאַנקע פּעען אַ לבנהקן קאַדריל.

דרייצן רייען לייכטע פּעען אין אַ שטראַלנדיקער קייט,
און די גנאָמען ביי די שטראָמען שפּילן רירנד אויף אַ פלייט

שפּרייטן פּלייטן קרענץ פון קווייטן, און די חייטע ערד וואָס בליט,
זעמט געפאַנגען ווידער קלאַנגען פון געזאַנגען און פון טריט...

פוּיטער־לויטער, אַ צעבלויטער און באַטויטער איז דער פּרינץ,
און איז דופטיק, און איז לופטיק, ווי אַ טרערעלע אַ קינדס...

חינטלעך שפּילן, ווילן שטילן, די צעהיצטקייט פון די פּיס,
און באַהאַלטן אין די פאַלטן זייער דופטיקן געריס...

# אין וועג

סאָנעט

כ'האָב לאַנג געשלאָסן חברשע פאַרבאַנדן
מיט וועג און זון, מיט יעדער פויגל-שטים;
כ'גיי אָפּט צום ים, צו אָנשעפּן פון אים
אַ הויפן, קילע, ריין-שמאַראַגדענע בראַנדן..

עס קרוינט דעם קאָפּ פון יונגן פּיליגרים
אַ הוט, וואָס איז געגנבעט ביי רעמבראַנדטן;
אַ שאָטן פאַלט פון זיינעברייטע ראַנדן,
איך גיי און גיי און בענטש מיין וועג און רים

איך נעם געאָרעמט שווינדלדיקע ווינטן,
פאַרליבטע ווילד אין זייער אייגן טאַנץ;
איך בין אַ פריינט די פעלזן-לאַבירינטן;

און אויף דעם גאָלדענעם ים-ברעג אויף דעם קילן
די מושלעס, שטיינדלעך שמייכלען מיר מיט גלאַנץ,
ווען כ'קום צו זיי — מיט זיי זיך זאָרגלאָז שפּילן..

## האַרבסט

פֿאַרטיפֿט אין בלוי דער ווייטער הימל שטראַלט,
און רויק קלאָר איז יעדער קוואַל,
די לופֿט איז שטייף און קלינגעוודיק און קאַלט —
גלייך ווי אַ שטאָלענער קינזשאַל.

כ׳טרינק דורשטיק, האַרבסט, דיין שטרוימענדיקן שיין,
דיין שאַרפֿן, גלייכגילטיקן בלאַנק;
און טרויעריק און גאָלדיק איז דיין וויין,
דער קאַלטער, דופּטיקער געטראַנק.

ווי קיטריש־אַלפֿאַרצייענדיק און שטרענג
דו קומסט צו אונז מיט דיינע טעג!
און כ׳מעסט נישט איינמאָל אויף די גאַנצע לענג
פֿון דיין רויִנענדיקער שטעג...

# פרילינג

ס'האַלט די זון געמ׳רייי איר נדר
טוט מיט שיין אין שויב אַ פּלאָס
און ס'צעשטראַלט מיין קליינער חדר,
ווי אַ כּישופדיקער שלאָס.

ס'ציט דער גאָרטן דער צעבליטער...
זיי פֿאַרשאָלטן, ווער עס רוט!
ס'פּלאַצן קנאָספּן מיט אַ ציטער,
חי די האָפֿנונגען אין בלוט

אין דעם עטער כּרובים שטיין,
ס'טינקט זיך אַלץ אין פּאַליעס דופט,
און דער פֿויגל אויף די צווייגן
זיין באַנייטע שטימע פּרואווט.

גאָטס אַ בליק האָט גאָלד פֿאַרצויגן
אויף דעם ווייטן האָריזאָנט,
און איך זע איצט מיט די אויגן
וואָס כ'האָב זען ניט געקאָנט...

## ערשטער שניי

ס׳רופט אין גאַס דער שניי דער ערשטער,
כ׳קוק אַרויס,
פון זיין פרישקייט אַ באַהערשטער,
און פאַרלאָז מיין ענגן צימער.
שניי דורכויס —
גאָנץ און ווייס,
און ער לייט
ביי דער זון איר גאָלדענעם שימער

ס׳בלאַנקט אַ ריינער אַלעבאַסטער
דאָרט און דא.
און דער שניי־ווינט — לוסטיק שפּאַסט ער
מיט די מיידן, מיט די יונגען:
מאַכט זיי גרוי...
טאַנצט פאַר פרייד
שטילערהייט
וואָס זיין שפּיל איז אים געלונגען...

מענטשן, מענטשן אין די גאַסן
ליכטן העל,
אַך, צי קאָן מען איצטער האַסן?
העפטיק ליבן אַלע, צאַלע

גאַרט מיין זעל,
מיידלעך פיל
שמייכלען שטיל,
יעדע איז אַ ווייסע כלה.

אך, ווי כ'ציט אַ מיידל כאַפּן,
ווייס און ריין,
אַז דאָס האַרץ זאָל קלאַפּן, קלאַפּן,
אַז מיר זאָלן פראָסטיק פלאַמען,
און פאַרגיין
אין אַ טאַנץ
פול מיט גלאַנץ
מיט דעם קלאָרן שניי צוזאַמען...

# זומער־נאַכט

ס'האָט זיך צוגעטוליעט צערטלעך צו דער שויב די בלאָע נאַכט
ווי אַ דאָרשטיקע, פאַרשפּאָרטע וואַקכאַנקע,
און אַ רוף געטון מיט ליידנשאַפט: „אין גאָרטן קום, ס'ערוואַכט
דאָרט אַ וועלט אַצינד אַ דופטיקע, אַ פראַנקע"...

„כ'האָב געעפנט מיינע אוצרות פול מיט שאָטנס און מיט ליכט,
„פול מיט פרייע און ניט־ערדישע פאַרלאַנגען,
„פול מיט גליק, וואָס שיקט זיין זיסן פייל אין הארצן אומגעריכט,
פול מיט סודות, און מיט בלאַסע שאָרכן־קלאַנגען"...

„קום אַרויס!" — און כ'גיי געפאַנגען פון דעם כישופדיקן רוף,
אין די שאָטנדיקע טונקעלע אַלעען,
מיט אַ בשמים־הויך אַ ריינעם, ווייען, ווייען אויף מיין גוף
שלאַנקע, לופטיקע און דורכזיכטיקע פעען...

ס'דרימלען לאַנדישן פאַרחלומטע און צערטלעכע אין בייט,
גרינע שומרים־בלעטער היטן זייער דרימל.
ס'קומט אַ ווינטעלע אַ וואַרעמער פון ערגעץ־וואו און ווייעט
שענקט אַ מוטערלעכן גלעט פאַר יעדן בלימל...

ס'דייסט זיך אָפּ פון וייטן הימל־רוים אַ פינקלענדער גערוס,
ווערט פאַרפאַלן הינטער ריזן־ביימער גרינע,

און ס׳צעוויגט מײַן מידע זעלע און דעם הימלישן רײנעם קוש
וואָס געשענקט האָט איר די נאַכטיק־שטילע שכינה

# טרירעמעז

איך פּיר אויף גאָלדענע טרירעמען,
פון ווייסע אינזלען פרוכט מיט וויין;
עס זיפּט־זיך־דורך מיינע ברעמען
פון זעגלען פּורפּורנע דער שיין.

אויף מושלעס שפּילן די טרישאָנען,
באַגלייטן, שווימענדיק, די שיף;
און ס׳איז מיר ליב זיך צו באַקאָנען
מיט יעדן וואַל, מיט יעדן ריף.

ס׳איז שלאַנק ווי העלזער פון זשיראַפן
דער שיפן־נאָז מיט גאָלד געקריצט;
אים האָבן הונדערט דרייסיק שקלאַפן
פון עכטן העלפאַנט־ביין געשניצט.

אי גאָלד, אי זיידנס, אי באַנאַנען —
ס׳איז שוין נישטאָ פאַר רויב קיין פלאַץ;
דאָך צווישן אַלע איז פאַראַנען
נאָר איין — באמת רייכער שאַץ.

אויף פעל, געשטרייפטע פון פּאַנטערעס,
ליגט ווילד און קיסריש אינדערמיט,

מיין יונגע שיינע אַבעלערעס,
געקליידט אין בלומען אַקסאַמיט.

אַ באַלזאַמינען-קראַנץ צוקאָפּן,
פון רעכטס און לינקס אָניקסן-שניר;
און ס'וואַכן שטרענגע עפּיאָפּן
מיט פּאַווע-פעכערס נעבן איר.

דער דופט פון רייפע באַלזאַמינען
די דינע נאָזלעכער צערעגט;
די אויגן אירע — צוויי מאַסלינען,
איר קליינער מויל מיט מוסקוס שמעקט.

די האָר, ווי בלעטער פון אַקאַנטן,
זיך טונקלען דופטנדיק מיט חטא;
און פריינט פון אירע הימאַטס-קאַנטן —
באַצירט איר האַלדז אַן אַמולעט.

אַט שווינדט דאָס לייבער-בראָנז פון נעגער,
אָראַנזשען-ליפּן לעשן-אויס;
און כ'פיל איר וואַרעמען געלעגער,
געבעט מיט פעדערן פון שטרויס.

אין האַרצן קלינגען נאָך די נעמען
און אירע אינזלען, גרין-פּאַרצירט;
פון ס'שווימען לאַנגזאַם די טרירעמען,
פון זעגלען פורפורנע געפירט.

## פיראַטן

(סאָנעט)

איך בין שוין לאַנג מקנא די פּיראַטן,
דעם שיינעם און אַכזריות׳דיקן שטאַם!
זיי לעבן אַזוי זיכער אויפן ים
ווי קינדער אויפן שויס פון זייער טאַטן...

עס מוז ווי איך פאַרליבט זיין מן־הסתם,
דער ים אין שטאָלצע פורכטלאָזע פרעגאַטן,
אין אָדערן אין שטייפע ווי קאַנאַטן,
אין פנימער דערפילט מיט קאַלטער פלאַם,

ס׳איז פול די שיף מיט אָנגערויבטע משא;
פון גאָלד און פערל אַ געהיימער שאַץ,
און יונגפרויען, צעשראָקענע און בלאַסע...

מיט ים־פרישקייט, מיט זאַלציקער און קאַלטער
באַאָטעמט איז דער קערפער דעם פּיראַטס,
און ס׳יום־טובט אין זיין אויג דער ים דער אַלטער.

# אומר.

(סאָנעט)

ווי קאָן איך רויק זיין, ווען ס׳וואַרטן לענדער
ס׳זאָל היילִיק־שטיל באַרירן זיי מיין פוס?
איך שיק אין פּיין אַ גרוס זיי נאָך אַ גרוס, —
אין ליבע אַ לאַנגיאָריקער פאַרשווענדער!..

סאַנדאַלן, טשאַלמען, פּאַרביקע, געווענדער —
ווי זיס איך גיב מיך אָפּ אין אייער רשות!
כ׳געפין אַ מאָדנעם רייצנדן גענוס
אין בשמים, שטיינער טייערע און בענדער!..

ווי קאָן איך רויק זיין אין וועלט אין היגער,
ווען ס׳וואַרט אויף מיר דער שיין־געשטרייפטער טיגער,
דער מדבר, און די זון, וואָס ליבט אים טריי?...

ווי קאָן באַפרידיקן דער וועג דער גרויער,
ווען ס׳רופן ספינקסן מיך, און טלעכצט מיין אויער
נאָך דער מוזיק פון לייבן־ברומעריי?...

# דאַס ליד פֿון די מאַטראָזן

עס שמייכלט די דרייסטקייט אונז, יונגע מאַטראָזן, —
מיר האָבן אין ים אונזער לעבן פֿאַרבראַכט;
פֿון בלאָען פֿרימאָרגן ביז אָוונט ביז ראָזן,
פֿון אָוונט פֿון ראָזן ביז ענדע פֿון נאַכט...

עס פֿירט אונז דער קלוגער, דער טייערער קאָמפּאַס,
ער וועט אונז נישט נאַרן, ער בלייבט אונז געטריי!
און הינטן אַ ווייסער, אַ שוימיקער שטראָם־פּאַס
באַגלייט אונזער שיף מיט אַ שטיל מורמלעריי...

מיר שווימען און שווימען פֿון האַפֿן צו האַפֿן,
באַגעגענען ריפֿן און אינזלען אין וועג;
מיר זעען פֿאַרברענטע, בראָנז־לייביקע שקלאַפֿן,
מיר זעען שוואַרץ אויגיקע פֿרויען ביים ברעג.

מיר שווימען און שווימען פֿון לענדער צו לענדער,
באַפּאַכט פֿון דעם ים־ווינט, פֿון זאַלץ־וועל באַשווענקט:
נישט קאַרג איז דער ים, אָט דער רייכער פֿאַרשווענדער
און פֿרייגיביק אונז מיט זיין צירונג באַשענקט.

און ס'זאַמלען זיך אָנ'עט די פּערל פֿאַרשידן,
צעברעקלטע שטיקער פֿון פֿיינעם בורשטין,

און קרעלן בלאָס־ראָז, מיט אַ שמייכל אַ מידן,
און מושלעס פּיל־פאַרביקע, הילכיק און דין.

מיר ציען־אַרויף זיי אויף שנירלעך, ווי ריימען,—
פאַר אונזערע כּלות, אַ טייער געשאַנק,
וואָס בליען, פאַרליבטע, אין אונזערע היימען,
ערוואַרטנדיק אונזער צוריקקער פון לאַנג.

# שאָטנס פון עבר

די נאַכט קילט אָפּ דעם זאַמד דעם מידן,
און ליגט זיך שטיל אין מדבר אויס;
עס גייען פון די פּיראַמידן
געשטאַלטן טונקעלע אַרויס.

זיי שוועבן לייכט, ווי ס'וואָלט נישט וואַגן
באַרירן זייער פוס די ערד; —
דאָס שטייגן פון די סאַרקאָפאַגן
די מתים מיט צעקנוילטע בערד.

עס טוט אַ יעדער פון די פּרעהס
זיך שטום פאַר סיריוסן אַ נויג,
און ווייט־פאַרשוועבטעס, לעגענדאַרעס,
לויפט־דורך פאַר זייער שמאָלן אויג.

ס'צעבליט פאַר זיי דער ווייטער נעכטן,
וואָס ליגט שוין טויט מיט זיי צוגלייך —
ס'דערגרייכט אַ שטורעם פון געפעכטן,
און שווערדן טוען זיך אַ שלייך.

אָט הודזשען יום־טובדיק די טאַצן,
און פאָנען פלאַטערן אויף קעפּ;

און אָט צעשטראַלן־זיך פּאַלאַצן,
חרטומים שטייען אויף די טרעפּ.

אָט איז אַ טעמפּל. און די טיר איז
געעפנט ברייט־דאָרט, אין דער מיט,
אין רינג פון שטראַלן שטייט אָזיריס.
עס בלאַנקט מיט בראָנז און מאַלאַכיט.

און אָט פון טונקעלע געצעלטן, —
וואו הייסער תאוה־ווייַרויך ברענט, —
ווי דורך אַ פאָרהאַנג אַ פאַרשטעלטן,
דערשיינען ווייסע פרויען־הענט.

צעשטרעקטע הענט, צו לוסט־געגרייטע,
באַווייזן זיך אַלץ מער און מער,
און פינגער צאַפלדיק צעדרייטע
פון ליבע קראַמפּן און באַגער.

עס האַלט די מדבר־נאַכט אין טוישן
אַ בילד נאָך בילד, אַ טרוים נאָך טרוים, —
ביז אומבאַמערקט פאַרשווינדט דאָס רוישן.
און לער, ווי פריער בלייבט דער רוים.

עס קערן־ אום די מתים־רייען
מיט שטיל־הכנעה׳דיקע טריט,

און פּונקט ווי שוואַרצע שקלאַפֿן, גייען
פֿון הינטן זײ די שאָטנס מיט.

# איז האַרעם

פאַטימע ליגט אַ טרויעריק־פאַרטראַכטע
אין שטילקייט פון פאַרנאַכטיקע האַרעמען.
די אויגן אירע טרוימען האַלב־פאַרמאַכטע,
און מידע שאָטנס פאַלן פון די ברעמען.

די זון פאַרגייט. די אָפּשיינען די ראָזע
צעוואַרפן אויף דעם טעפּיך העלע בינען,
און תפילה־קלאַנגען שטילע, האָפנונגסלאָזע
דערטראָגן זיך פון ווייטע מועדזינען.

עס קלאַפּט דאָס האַרץ אַלץ שטאַרקער ביי פאַטימען,
וואָס מער עס שטאַרבן אָפּ די אָוונט־שפּורן;
ס'וועט באַלד די נאַכט, די בלאָע נאַכט דערשווימען
באַפאַלנדיק מיט דורשט די אַמבראַזורן.

ס'וועט באַלד די שעה די סודותדיקע קומען
און ברענגען שרעק אין טונקל פון די פאַלטן —
אויף אייביק וועט דאָס מיידל־ליד אַנטשטומען
אין אָרעם פון דעם סולטאַן פון דעם אַלטן.

און דאָרט אין שטוב, אין שטראַלנדיקן תימן,
מוז ערגעץ־וואו דער טייערסטער און ליבער

אַרומגיין איצט און פלעכטן ליבע־ריימען
אין פּאַלמען־שאָטנס, ווייט פון רויש און שטיבער.

צי לויפט ער איצטער גאָר דורך מדבר־וועגן,
און שטעלט אין טרויער אָפּ די קאַראַוואַנע?
די אויגן זיינע מאָנען וואָס און פרעגן,
און זיינע ליפּן ציטערן: „פון וואַנען"?

צי שאַרפט ער איצט זיין שווערד אין שטומע לײַדן,
דעם ליכטיקן לבנה־גלאַנץ אַנטקעגן, —
די הייליקע ירושה פון זיין זיידן,
דעם פריינט פון זיינע אייביקע געיעגן

„אַללאַ! אַללאַ! ווי שטרענג עס איז דיין שטראָפן.
„צי האָט געזען פאַרבלוטיקט מיינע הענט ווער?
„מיין מיידל־האַרץ איז ריין — אָ זע: ס'איז אָפן!
„מיט וואָס האָב איך געזינדיקט? ענטפער, ענטפער!

„איך פלעג דערמאָנען דיך ביים טריט ביים יעדן,
„און שטענדיק האָט געברענט אין מיר דיין פייער!
„אַללאַ! אַללאַ: אָ גאָט פון מאַכאָמעטן!
„אַך, קער מיך אום צו דעם, וואָס איז מיר טייער".

פּאַטימע וויינט, ס'ווערט טונקעלער און טריבער,
עס וואַרט אומזיסט דאָס מיידל־האַרץ אויף נסים.
אַ שלאָס גרילצט־אויף. ס'טרעט ווער דעם שוועל אַריבער,
באַגלייט פון שטרענגע, שוואַרץ פאַרהילטע סריסים.

## גאָנדאָל־לידער

די אָוונט־זון איז שוין פון לאַנג פאַרגאַנגען,
און נענטער, נענטער קומט די נאַכט־שעה אָן.
דו שפּילסט, מיין קינד, און ס׳וויגן זיך די קלאַנגען,
און ס׳מאָלט מיר טרוימען יעדער נייער טאָן.

קאַנאַלן זע איך, זילבערנע און שמאָלע,
אַ בלויער טונקל רירט שוין אָן די וועלן,
עס גליטשט זיך אונזער איינזאַמע גאָנדאָלע,
אַרומגעצירט מיט פאַרביקן געמעל.

עס שפּיגלען די פּאַלאַצצאָ זייער מאַרמאָר
וואָס שימערט אין לבנה־שיין און בלוט;
מען זעט אַרום קיין מענטש, אַ שטומער צער נאָר
באַגריסט אונז און געהיימניסן פאַרטרויט.

די שיקסט אַראָפּ די שווייגנדיקע בליקן,
און לאָזט זיי שוועבן אויף דער וואַסער־פלאַך,
אַזוי ווי ס׳וואָלטן שרעקן דיך די בריקן,
וואָס הענגען ווי אַ שוואַרצער צויבער־דאַך.

די ווייטקייט קוקט מיט פייערלעך צעזייטע,
און ס׳קומט צו אונז אַ לאַנגזאַמער געזאַנג,

אַזוי ווי ס׳וואָלט געקלאָגט אַ ווייטע פלייטע
געפייניקט פון אַן אומקלאָרן פאַרלאַנג

דאָס זינגען „סאַנטאַ ליוטשיאַ״ איטאַליענער,
דאָס הייליקע, דאָס זאַנפטע תּפילה־ליד;
אַ רויקייט צעוויגט זיך אין די טענער
און ווייעט אויף אונז מיט שטילקייט און מיט פריד.

אַ ווינטל קושט דעם טונקל פון קאַנאַלן,
אַזוי ווי דאָס געזאַנג מיין שטומע זעל,
און דורכגעוועבט מיט דינע, בלאַסע שטראַלן,
העלפט זינגען אין דער שטיל די בלויע וועל...

## דיאָניזיען*)

ס'איז לכבוד דיאָניסן
אין דעם טעמפּל היינט אַ פעסט,
און עס קומען אים באַגריסן
פאַרביק־אויסגעצירטע געסט.

אויף דעם ראַנד פון די מזבחות
הענגען העלע בלומען־קרענץ,
און באַוויַיט מיט בשמים־ריחות
פירט מען רוישנדיקע טענץ.

די וואַקכאַנקעס שווימען, שווימען,
ס'שטראַלט אין אויג אַ ליבע־גרוס
און עס טונקלט זיך דער רימען
אויפן מאַרמאָר פון דעם פוס

ס'פאַלבט זיך, ס'וויקלט זיך די טוניק
ווי אַ שטראַלנדיקער קנויל,
יונגע אויגן רופן זוניק
צו דעם אויסגעשטרעקטן מויל.

---

*) יום־טובים לכבוד דיאָניסן

און די זון באַגליט די שויבן,
צינדט דעם שמעקעדיקן זאַפט,
וועלכער שפּריצט פון גרינע טרויבן
פול מיט רייפער ליידנשאַפט.

דאָך איז דופטיקער און רייפער
דער וואַקכאַנקעס קערפער-בוי,
דער געשלענגלטער און שטייפער,
וועלכער שמעקט, ווי מאָרגן-טוי...

אי פון דאָרטן, אי פון דאַנען
ווינקט אַ וואַנזיניקער גלוט,
און צימבאַלן מיט טימפּאַנען
רעגן-אויף דאָס יונגע בלוט...

אויגן לעכצן, אָרעמס מאָנען...
קערפּערס, קערפּערס שלאַנק און שטאַרק,
טאַנצן צווישן די קאָלאָנען,
און דער יום-טוב איז ניט קאַרג...

אַלץ באַשענקט ער, אַלץ באַגריסט ער;
און אַפילו דאָס געזיפט
פון די ווייסע שטרענגע פּריסטער
שמייכלט אויך אין זונען-ליכט...

# אָריענטאַלישער בויך־טאַנץ

טאַנץ זשע, טאַנץ זשע, מזרח־טאָכטער,
שלאַנקעס קינד פון הייסע פערזן!
ס'קלינגט דיין שלייער דיין צעפּאָכטער
שענער נאָך פון בעסטע פערזן...

דין — דער שלייער דער געשטיקטער
מיט דעם פאַרביק־דראָבנעם דעסן,
שלאַנק — דער קערפּער דער אַנטציקטער,
ווי דער שטאַם פון די ציפּריסן!

דיינע לאָקן די צעשטרוימטע —
באַרג אַראָפּ צו טונקלע סטאַדעס;
דיינע אויגן שוואַרץ־פאַרתּהומטע —
מעשׂיות צוויי שעכערעזאַדעס...

ד'האָסט די ליידנשאַפט די רייפע
לאַנג שוין אויפגעהערט צו אירצן —
שמעקט דיין מיידל־לייב דיין שטייפּ־
מיט די טייערסטע געווירצן!

און אַלץ העלער, אומגעריכטער
ווינקט דיין לייב מיט תּאווה־גריסן...

זינגט נאָך שענער פון דיין דיכטער —
פון דעם זוניקן האַפיסן*)...

*) אַ באַרימטער פּערסישער דיכטער

## באַגדאַד

(סאָנעט)

ווען ס׳קוקט אויף מיר דאָס לעבן פול מיט חשד
און טומלט נישטיק – ציל איך מיינע שיפן
צו דיר אָריענט! און זאָלן מיך באַטריפן
די בשמים פון דעם הייליקן בגדד....

ווי אַ שמאַראַגד, דין־אויסטערליש געשליפן,
ווי אַ פאַרשטויבטער פאַרמעטענער כתב־יד,
ווי צווישן בערג אַ שטורמיקער קאַסקאַד
איז סודיק־שיין די שטאָט פון די קאַליפן!

ציקאַדעס קלינגען, סמורמלט אַ פאָנטאַן,
אויף טעמפל־שפיצן קוקט פון דאָרט און דאַן
אַ דינער, אַ לבנהדיקער האָרן!

אַ פענסטער מאַכט־זיך־אויף אין אַ הארעם,
אַ האַנט בליצט דורך, א לאָק, א שוואַרצע ברעם,
און ס׳שמעקט מיט מאַנדלען איז מיט מאַנדראַגאָרן.....

# איסלאַם

סאָנעט

איך ליב די אַלטע שיינקייט פון איסלאַם
און ס'קאָן ביז איצט מיין הארץ זיך נישט פאַרמאַכן
פאַר זיינע טעמפּלען צווישן פּאַלמען-סככן
דורך וועלכער ס'שטרוימט דער ראָזער אָוונט-פלאַם.

כ'וועל ליכטיק, ווען כ'דערמאָן זיך אָן אַללאַכן...
כ'וועל קינדיש-גוט, ווי אויגן פון אַ לאַם,
ווען כ'זע אין גרינער, טשאַלמע דעם אימאַם,
וואָס איז געשטעלט דאָס הייליקטום באַוואַכן,

אין אָוונט, ווען עס רופן מועדזינען
די גלוביקע און טרייע מוזולמענער,
ווען ס'שמעקט די לופט, ווי אַלטער, שטאַרקער מעד —

דערפיל איך קלאָר, ווי שטראַלנדיק עס רינען
אַריבער מיר די תּפילהדיקע טענער,
און ס'פאַלט אויף מיר דער שאָטן פון מהמד...

# אינדישע בלימעלעך

(סאָנעט)

מיין גאָט, ווי קומט מען גיכער אין קאַלקוטע,
אין קרוינשטאָט פון די בראַנזיקע פאַקירן,
וואו עלפאנטן אויף היימאטס־ערד באַרירן,
אַזעלכע אומגעלומפּערטער און גוטע...

און זען די פרוי... איר מזרח־אויג דערשפּירן
וואָס לויכט זיך, —צווישן ברעמען ניט באַרוטע,—
פאַרסודעט, ווי די אויסטערלישע פרוטה
אין שנור פון קרעלן, וואָס איהר ד״האַלדז בעצירן...

אַלץ אָפטער זע איך פאַר מיין אויג זיך טראָגן
די כישוף־מאַכערס אינדישע, די יאָגן,
און תּאוהדיקע, שלאַנקע באַיאַדערקעס,

פון פייערן בענגאַלישע געפאַנגען———
נאָר איידער ס׳רוימט מיר אין מיין טרוים: „בעמערקט עס!
ווערט אַלעס; ווי אַ לייכטער רויך, צוגאַנגען....

# דער פאררעטער

אין דעם גערויש און קלאנגען־פלאנטער
פון שטאטיש־הילכנדיקן טאג —
ווי איינזאם בייסטו אויס, מיין גאנטער
קאמאשן־פוצער אויפן ראג!...

שטאמסט פון קאווקאזער ווילדע שבטים,
דו האסט א בערגער־טרוים פארמאגט, —
צו וואס געבראכט האסטו אין שטאט אים,
אין פוסטן טומל אים פאריאגט?

עס איז דיין טאטע א לעזגינער,
צי גאר א קריגערישער טשערקעס,
וואס אויף זיין טרייען קאבארדינער
פארברענגט ער רויִשיק זיין מעת־לעת...

און שטאט מיט אויסגעשריי מיט ראשן
פארשייט זיך טראגן אויפן פערד —
אין גאס דא פוצטו די קאמאשן,
אויף אייביק צוגעשמידט צו דר׳ערד...

אנטלויף צוריק אין דיינע קאנטן,
אין דיין פארוואָרפענעם אאול,

וואו יעדער שפּאַלט פון בארג באַקאַנטן
איז מיט לעגענדן שיינע פול...

אנטלויף צום פעלז, צום אַלטן זיידן
וואָס האָט דיך ליב אַזוי געהאַט –
ער וועט דיך אויפנעמען מיט פריידן,
און וועט פאַרצייען דייז פאַררעט!

# צו פלאָרענץ

דו שטראַלסט פון ווייטן ווי אַ פּרדס,
אַ אומפאַרגלייכלעכע פלאָרענץ!
דו וויגסט דעם שאָטן לעאָנאַרדאָס,
געצירט אין שמעקעדיקע קרענץ...

און, גלייך ווי שמערצלעך־ליבע טרעלן
פון אַ פאַרשוועבט נאָר טי׳ער ליד, —
שטייגט אויף דער גייסט פון ראַפאַעלן
פאַר מיר אין אומבאַגרענצטן פריד...

La bella! בלייבסט, ווי איך, אַ טרייעס
דער פראַכט דער אַלטער, וואָס דו היטסט;
די אַלטע פרעסקן הירלאַנדאַיאָס —
זיי לויכטן זוניק נאָך ביז איצט!...

ווי דופטיק דיינע גערטנער גרינען
פון אונטער בלאָען הימל־רוים,
און ס׳היטן טריי די אַפּענינען
דיין טויזנט־יאָרעדיקן טרוים!

איך קוק צו דיר אין ווייטע רוימען
און ס׳איילן פריילעך צו דיין שיין,

װי קינדער, אַלע מײַנע טרױמען
דורך דײַנע טױערן די נײַן!

 


אַ זייט געגריסט — איר אַלע וועמענס נאָמען
דערמאָנט מיר אָן דער שיינקייט פון דעם ים,
און ליכטנדיק אין שטויב פון אַלטע טאָמען,
דערציילט פון אייער קעניגלעכן שטאַם!

צום ערשטן— דו, מיט דײַן געהיימען שימער,
וואָס שטראַלט צו מיר אַרויס פון ווייטן דור—
דו, אומבאַרוטער, וואַגזיניקער שווימער
פאַרייביקטער און גרויסער קריסטאָפאָר!

און אויך פאַר דיר,— אַ דרייסטער פאָרטוגעזער
וואַסקאָ-דע-גאַמאַ,— קניט מיט גרויס מיין בליק!
דו שמעקסט מיט פעך, מיט פייכטע ים׳ען-גרעזער,
מיט פלאַנצונגען פון ווייטן מאָזאַמביק!

אויך דיר אַ גרוס,— פון גאָט געזאַלבטער קאָלאָס,
וואָס האָט צעאַקער׳ט לאַנג דעם אָצעאַן—
דיר, שטראַלנדיקער שאָטן מאַרקאָ פאָלאָ׳ס
און דיר, מיין ד׳זבר, שטאָלצער מאַגעללאַן!

און אַלעמען, אײַך אַלעמען— פּיזאַררא,
װעסטפּוטשי, פּעגאַלאָטטי און קאָרטעס, —
װאָס אָנגעקלאַפּט האָט דרײסט אין לעגענדאַרע
און גאָלד־געשניצטע טױערן פֿון נס —

אײַך אַלעמען, אָ פֿרײנט פֿון ים און זעגל,
אײַך אַלעמען, װאָס טראָגט איבער דער צײַט—
אַ לױב פֿון מיר, פֿון טרײען עולה רגל,
װאָס איז צו אײַך געקומען פֿון דער װײַט...

## אלעמען
(אקטאָון)

כ׳האָב ליב נאָר דאָס, וואָס שיין איז און ניט קויטיק, —
ס׳מעג זיין אַ ריזיקס אָדער גאָר אַ קליינס;
פאַרמאָגט עס פּראַכט — איז עס פאַר מיר שוין נויטיק,
צי שטאַרק, צי צאַרט — דאָס איז פאַר מיר אַלץ איינס...!
כ׳האָב ליב דאָס בלוי, דאָך ליב איך אויך וואָס רויטיק, —
ווער ס׳איז אַ ברודער מיר, דער ווייס פאַרשטיינ׳ס!
איך טו נאָר איינס: כ׳זע שיינקייט נאָר און זוך,
פון דעם וואולקאַן און ביז טוי-געזוך...

עס מעגן מיט מיין וועג ניט זיין צופרידן
פיל ברידער מיינע, קינדער פון מיין שטאַם, —
וואָס איך פאַרלאָז דעם גלותדיקן יידן,
און גיי אָפּט קניען פאַר אַ פרעמדן פלאַם,
וואָס יעדע רגע איז מיין האַרץ פאַרשידן,
דאָ — ווי אַ וועל, דאָ—ווי אַ גרויסער ים....
דאָך קאָן איך ניט פאַרקנעכטיקן מיין טרוים,
דער קינסטלער ווייסט קיין גרענעץ און קיין צוים.

היינט וועגד איך מיך צו פאַרקאַנס און צו בוימער,
וואָס רינגלען אונזער שטעטעלע אַרום;
און מאָרגן גיי איך צו שטאָלצע רוימער

צו זייער ווייטן, מלכותדיקן רום;
און איבערמאָרגן בין איך גאָר דער טרוימער
פון שטילער ליבע, רופנדיק זי: „קום!...“
די וועלט איז גרויס און ליכט ווי אַ רובין,
און כ'אייל פון בלום צו בלימל, ווי אַ בין...

ס'איז נאָנט מיר די קאַליברי, און די פּאַווע,
דאָס פערדל און דער פאַרביקער פאַזאַן;
כ'געפין אַ פראַכט אין אדם און אין חוה,
און אויך אין ווילדן אימפּעט פון דער באַן...
עס ציט מיך פינלאַנד און דער אינזל יאַווע,
דאָס שנייאיקע סיבירן און יאַפּאַן;
ס'איז יעדעס אָפּגעזונדערט און אַליין,
און יעדעס האָט זיין אייגנאַרטיק חן...

אַ יונגן קינד און אויך אַ שיינער זונה
האָב איך אַ קראַנץ ניט איינמאָל שוין געבראַכט;
ניט נאָר אין פריינט, נאָר אויך אין ערגסטן שונא
געפין איך קוואַלן זוניקע פון פראַכט;
איך ווייס — פאַראַן, ווי איך, אַ סך אַ זוינע,
אין וועמענס האַרץ, די וועלט די גאַנצע וואַכט!...
און צייכנט ווער אַ קרייז אונדז אָנ'עט שמאָל —
צולאַכן מיר זיך הילכיק אויפן קול!..

# מיין רעגנבויגן

(טריאָלעטן)

עס ציטערט אין מיין האַרץ אַ רעגנבויגן
פון טרוימען־גלאַנץ און פון לעגענדן־פּראַכט;
פון גאָטעס הויך, פון גאָטעס בליק באַוואַכט
שטיל ציטערט אין מיין האַרץ דער רעגנבויגן...
ער איז פאַרהוילט פאַר קאַלטע מענטשן־אויגן —
ער האָט פאַר זיי זיין זוניק אויג פאַרמאַכט.
עס ציטערט אין מיין האַרץ אַ רעגנבויגן
פון טרוימען־גלאַנץ און פון לעגענדן־פּראַכט.

ער מאָלט מיר אָפט באַשטראַלטע וואונדער־בילדער,
מיט שיין געקרוינט, מיט כּישוף רייך באַגילט,
אין אָפּשיינען אין מיסטישע געהילט
אָפט מאָלט ער מיר באַשטראַלטע וואונדער־בילדער..
דאַן קלאַפּט מיין האַרץ נאָך רוישיקער און ווילדער
מיט גליקן און מיט שרעק צוגלייך ער פילט.
ער מאָלט מיר אָפט באַשטראַלטע וואונדער־בילדער,
מיט שיין געקרוינט, מיט כּישוף רייך באַגילט...

# אין אלטן זאַל

## I

ביים פֿענסטער פֿון דעם זאַל דעם אַלטן
האָט מיך געטרוימט דער לילאַ־בעז,
און האָט דעם אָטעם שטום פֿאַרהאַלטן,
און האָט געהאָרכט דעם פֿאַלאַנעז.

די אַלטע פּיאַנאָ האָט געזונגען
פֿון אונטער דיינע שמאָלע הענט,
און אין דעם ליד, וואָס האָט געקלונגען,
האָב איך מיין אַלטן טרוים דערקענט.

מיין טרוים מיין בלאַסן און ניט־קלאָרן,
וואָס איך האָב ערגעץ־ווו געזען...
איך האָב אים לאַנג, שוין לאַנג פֿאַרלוירן:
כ׳געדענק נישט וואו, כ׳געדענק נישט ווען.

און ס׳האָט דער זאַל מיט מיר צוזאַמען
אָן ווייטע שאָטנס זיך דערמאָנט:
פֿאָרטרעטן זענען פֿון די ראַמען
אַרויס און מיך אומרינגלט נאָנט.

ס׳האָט שטילע לידער אָן אַ נאָמען
געזונגען זינגען די גאַרדין,

און פון די טונקעלע אַלבאָמען
האָט זיך דערהערט אַ מורמל דין.

און סטאַטועטקעס, און וואַזאָנעען
און קליינע טישעלעך אַרום, —
אַלץ, אַלץ האָט זיך געאײלט דערמאָנען
דאָס, וואָס קערט זיך מער נישט אום.

כ׳בין, ווי פאַרגליווערט, שטום געלעגן,
ביז ס׳האָט אַנטשוויגן דאָס קלאַוויר,
אין הויכן שפיגל, וואָס אַנטקעגן,
האָט ווער אַ וואונק געטון צו מיר...

אַ וואונק געטון און זיך באַהאַלטן
צוזאַמען מיט דעם פּאַלאַנעז. — —
בײם פענסטער פון דעם זאַל דעם [illegible]
האָט נאָך געטרוימט דער לילאַ־בעז.

## אין אַלטן זאַל

II

די נאַכט זי פּרעסט זיך אַלץ געדיכטער
צום פענסטער פון דעם אַלטן זאַל;
און נאָר פון ווייטע טעטערן־ליכטער
דערגייט אַ ציטערדיקער שטראַל.

עס רוט־אויף אַלץ אַ בלאַסער נעפּל,
און אין דעם נעפּל זעט מען קוים
דאָס אַלטע פיין־געשניצטע מעבל,
וואָס היט אין זיך דעם ייִדנס טרוים.

און אויף דער ריזיקער קאָלאָנע,
וואָס שפּאַרט זיך ווייט אין באַלקן איין,
מאַלט אויס דער אָפּגלאַנץ פון לבנה
אַ דינעם נעץ פון בלאָען שיין.

אין ווינקל שטייט די פּיאַנאָ אָפן,
און ס׳דוכט, זי בענקט נאָך יענער האַנט,
וואָס איז אַמאָל־אַמאָל געלאָפן
מיט אומרו אויף איר ווייסן ראַנד...

כ׳גיי צו און פאַרזיכטיק באַריר איך
אַן אַלטן, אָפּגעוועלקטן ביין,

און אין זיין טרויער־קלאַנג דערשפיר איך
אַ ווייטן, הילפלאָזן געוויין...

פון דעם לבנה־שטויב באַשאָטן
שטיל גיי איך אום געקרייצט די הענט,
און ביז באַגינען שטרייפט מיין שאָטן
די הויכע כישופדיקע ווענט...

# צו קינדער
(סאָנעט

גאָלד־קעפּיקע, בלוי־אויגנדיקע קינדער,
אין אייך נאָר שטראַלט דער אמת פון דער וועלט!
עס איז פון אייער קינדער־אויג פאַרשטעלט
דער לעבנס־שמוץ, וואָס ווערט נאָך אַלץ נישט מינדער...

איך זע אייך אין אַ הייליק שיין באַהעלט
די אויגן מיר — די צוויי געמיינע זינדער...
דאָס בלימל און דער פרילינגס־ווינט דער לינדער —
זיי אָטעמען פון אייער פראַכט באַזועלט!...

און וויגנדיק זיך ריטמיש אויף די הוידעס,
באַגרייפט איר אַלע שענסטע לעבנס־סודות —
דעם טרוים פון נאַכט, דעם שטאָלצן זיג פון טאָג;

איר איינע נאָר קאָנט ליבן און פאַרגעבן!
אָ, קינדער, אין דעם בוך פון אייער לעבן
זאָל זיין געבענטשט דער זוניקער פראָלאָג!...

# נאָר שטאַרקע!...

(סאָנעט)

עס הענגען איבער אונז געהיימע קללות,
פאַרטו,בנדיק די שענסטע ערדן-לידער!
ס'איז קאַלט אַרום און ס'רופט אונז אין דער נידער
אַ לעבן אַ פאַרקויטיקטעס און שמאָלעס...

דעריבער קני איך הייליק פאַר אַפּאָללאָס
פאַרייביקטע און שטראַלנדיקע גלידער...
און כ'ליב זיי מער, וואָס מער ס'איז דער האַרמידער
פון אונזער וויסטן מוסקול-לאָזן גלות...

איך מוז די בלייכע בלוטאָרימקייט האַסן!
פאַר מיינע אויגן לויכטן ווי די זונען
די שטאַרקע נאָר... דאָס מעגן זיין אַפילו
דער גבור שמשון, צי די פּאַפּוּאַסן,
צי גאָר די מיטלאַלטערלעכע הונען
מיט זייער גרויסן, מעכטיקן אַטילע!

# זוניקע שורות

אַוועק שמאָלהאַרציקע! אַוועק קליינמוטיקע!...
אָ לענדן מיידלשע, וואָס לויכטן ראָז,
אָ, הענט פאַרצאַפּלטע, אָ בלוטען בלוטיקע,
אָ, ווייַן בורשטיניקער אין בלאַנק פון גלאָז!...

אַוועק קאַלטמאַרכיקע, אַוועק ענג־זצליקע!
אָ דרייסטע אונגעדולד ביים ראַנד פון תהום,
אָ, קערפּערס סטרוניקע, אָ ליפּן קרעליקע,
אָ, האַנזין זוניקער פון ווייטן סדום!...

## דער פּערל־זוכער

(סאָנעט)

איך בין אַ טרייער פּערל־זוכער שטענדיק,
עס איז אַזוי באַשאַפן שוין מיין זעל,
איך נידער אָפּט אַראָפּ אין בלויער וועל,
וואָס רינגלט מיך אַרום ווי טויזנטהצנטיק..

ווי מיין פאַרלאַנג, איז גרויס דער ים און העל,
און אַלץ אין אים איז אומקלאָר און פאַרשטענדיק!
און באַלד ווי נאָר מיין אַרבעט איך פאַרענדיק —
שטייט גרייט אַ נייע בענקשאַפט אויף מיין שוועל...

ס'איז גליקליך דער, ווער ס'ליבט די פּערל קלויבן,
און דורך די פּערל הייס דעם בורא לויבן, —
עס איז נישטאָ קיין גרעסער גליק פאר מיר

וואָס מער דאָס לעבן קליינלעך איז און שטרענג,
אַלץ דרייסטער לויכט די זוניקע מאָזאַיק
פון מיינע לאַנגע, פּערלדיקע שניר!

# דריי פּעען

עס זיצן דריי פּעען, דריי פּעען און וועבן:
די ערשטע — אַ קינד נאָך מיט לייניקע לאָקן,
מיט אויגלעך, וואָס קוקן פאַרוואונדערט־צושראָקן,
מיט פינגערלעך ראָזע, וואָס פינקלען און שוועבן.

די צווייטע — אַ שלאַנקע מיט ליידנשאַפטס־בליקן,
ערפּילט איז איר זעלע מיט אומרו און קלאַנגען,
עס הויבט זיך איר ברוסט פון פאַרשייטע פאַרלאַנגען,
און ס׳צאַפּלען די פינגער פון באַנקשאַפט נאָך גליקן...

די דריטע — שוין אַלט, מיט פאַרלאָשענע אויגן,
מיט אויגן פאַרנעפּלטע קאַלטע און שטומע,
דאָס פּנים צואַקערט פון קנייטשן פון קרומע,
די ברוסט איז געשרומפּן, די פּלייצע געבויגן...

די ערשטע אין ווייסן, די צווייטע אין רויטן,
די דריטע אינגאַנצן פאַרוויקלט אין שוואַרצן —
זיי וועבן דאָס לעבן פון מענטשלעכן הארצן,
פון שטראַלנדער וויג ביז דעם גרענעץ דעם טויטן...

עס זיצן דריי פּעען, דריי פּעען און וועבן —
עס דרייט זיך דאָס רעדל מיט פעדים פאַרשפּינען,
אַ גליק ווערט געבוירן, אַ גליק ווערט צערינען,
און ס׳לויפן אָן אויפהער די שנעלע געוועבן...

# פינף חאַנעטן

א מתנה

מיין ליבן און טייערן חבר דניאל טשאַרני

אַמאָל־אַמאָל ביסטו געווען לבנהדיק,
און תפילהדיק און צערטלעך, ווי אַ קרעל;
דו ביזט געווען אַ יונגער מענעסטרעל,
וואָס ליבט זיין ליד, ווי ס׳ליבט די בין איר האָניק...

ס׳איז פאַרזיכטיק געווען און דינטאָניק
דיין רירנדע, דיין ציטעריקע טרעל,
נאָר ס׳בליט שוין לאַנג אויף איר אַן אימאָרטעל,
און ס׳איז דיין שלאָס שוין מער ניט ווייס־קאַלאָניק.

מיר דוכט — ס׳האָט אַ פאַרשאָלטענער לוציפער
געמאַכט דיך פאַר אַ לייכטזיניקן שטיפער.
און כאָטש געצויגן סודיק מיט זיין בלאַנק

חאַפּ מיך נאָר יענער טעמפּל־שטראַל דער בלאַסער —
דאָך גיב איך דיר מיט ליבע מיין געשאַנק,
וואָס בלאַנקט מיט אַ געשליפנקייט פאַרנאַסער

## II

ער בלאַנקט מיט אַ געשליפנקייט פאַרגאַסער —
מיין שטרענג־געטאָקטער, זיכערער סאָנעט!
ער איז, ווי אַלט־פראַנצויזישער קלאַרעט,
צושוימט און שטאַרק און אָן אַ טראָפּן וואַסער...

מיין שרייבן איז אַ העזהדיק געוועט
מיט אַלע מיינע פריינט און אַלע האַסער!
מיין שרייבן איז אַ זוניק קול מבשר,
וואָס רופט און רייצט, און צינדט זיך אָן און גלעט...

איך טרינק זיך שטענדיק אין אַ גאַנצן ים
פון אַלמאַנדינען, פערל, כריזאָליטן,
און לעבן לעב איך אָדער אין סיאַם,

צי ביי דעם ברעג פון פייערלכען גאַנג,
דאָרט, וואו ער שווענקט די מירמלדיקע פליטן
פון פאַגאָדעס, וואָס שטייען שטאָלץ און באַנג!

## III

אָ, פאַגאָדעס, וואָס שטייען שטאָלץ און באַנג!
עס וועט מיין טרוים זיי קיינמאָל נישט פאַרראַטן...
נאָר אין דיין בליק — אי דורשטיקן, אי מאַטן, —
דערוועקט קיין פונק מיין פיבערדיקער קלאַנג.

דו ביזט אַ קינד פון רגע׳דיקע טאַטן,
דאָס ווייס איך גוט, און דו — דו ווייסט, עס לאַנג!
מיר דאַכט זיך אָפט: די גייסט מיט אַ געזאַנג,
אויף דינסטע און אומזיכערסטע קאַנאַטן...

פאַרוואַנדלסט דיינע טעג און דיינע וואָכן
אין אַ צוהיצטן, זאָרגלאָזן, קאַדריל,
וואו ס׳טאַנצט מיט דיר צוזאַמען דיין נצחון...

דו לאָזסט די בליקן נייגעריק זיך גליצן,
צו אויפזוכן אין שמייכל פון אַפּריל
אַ רמז אויף די זומערדיקע היצן...

IV

אַ רמז אויף די זומערדיקע היצן
אין איינגעהאַלטן דרוק פון מיידל־האנט,
אין בליקן, ווען מען חלומט זאַלבענאַנט,
אין ברוסט, וואָס לייכט דורך זיידן־דינע שפּיצן...

עס איז, ווי דיר, אויך מיר באַקאַנט דאָס לאַנד
פון אומפערמיידלעך־בלאַנקנדיקע בליצן;
און כ׳האָב ניט ליב, ווי דו, פון זיי זיך שיצן,
ווען ס׳וויקלט דיך אַרום דער פייער־בראַנד...

נור כ׳קאָן אי מוט, אי אַ פאַרלאַנג געפינען
דאַן אויפצייילן טויזנטער רובינען,
וואָס שפּריצן פון דעם ברענענדיקן ים;

און אויפציילן אין זינגענדיקער פלאַם
דעם פייערס אַלע בויגונגען און שטימען
און ציילנדיק, דעם פייער־יום־טוב רימען!..

V

אָ, ציילנדיק, דעם פייער־יום־טוב רימען!
נאָר רימען שיין, און זאַמלען פאַרן לויב
דעם פיינסטן בילד, דעם דינסטן גאָלדן־שטויב,
די שענסטע ווערטער לאָקערדיקסטע שטימען...

ס'איז יעדעס וואָרט פאַר מיר אַ הייליק סימן
וואָס רוימט מיר איין: „פאַרטרוי זיך מיר און גלויב!
כ'קאָן זיין באַשיידן, האַרציק ווי אַ טויב,
און כ'קאָן דיין מויל אין ווייטאָגן פאַרקרימען!..."

דעריבער, ווי דער קלאַנג פון קאַסטאַניעטן,
איז יונג מיין פערז און העל — ווי די פאַרפירונג
מאָזאַיש־פאַרביק שטראַלט מיין יעדער טאָן!

טאָ נעם זשע צו ביי מיר די פינף סאָנעטן, —
די קלענסטע, אומבאַדייטנדיקסטע צירונג
פון מיין געהיימען גרויסן פאַנטעאָן!...

# נסתרן

אין מאַנטשאַנער פּוילקייט אין דער וויסטער
פֿון קלייגלעכע און גראָע עולם-הזה'ס —
ביזטו אַ העלער בלומיקער אַאַזיס,
קאַפּריזער און אין-זיך-פֿאַרליבטער נסתר!

דו ליבסט, ווי איך, דעם יונגן שיינעם עזות,
און די נאַטור און ווייטע מצרים-פּריסטער...
איך ליב דיין ווין — ווי האסטיק-שטרוימיק פֿליסט ער
אין דיינע שיינע אויסטערלישע וואזעס!

האָסט אוצרות גאָלד, האָסט גאַנצע פּערל-טײַכן
אין פֿאָלקס-שפּראַך אין דער יידישער געפֿינען,
און ס'בליצט דער שיין, און פֿריילעך אונז באַגריסט ער!

איך ליב דיך — ווייל דו לויכסט, מיין שטאָלצער ברודער,
אַן איינציקער אין פּוסטן וועלט-גערודער,
און ווייל דו ביזט געוועזן און בלייבסט אַ — נסתר!

# איגאָר סעווערי‏אַנינען

כ'האָב געלעזן די פּאָעזן און געוועזן איז מיר דאָן,
ווי כ'וואָלט הערן רעדן שטערן מיט דעם בלויען אָצעאַן.

ס'האָבן טויען, שלאַנקע פרויען אין לעווקאָיען אָן אַ שיעור
זיך געצויגן פאַר די אויגן ווי אַ שטראַלנדיקע שניר.

פרויען־נעמען ווי פּאָעמען, כריזאַנטעמען און באָאַ,
און אויף בינעס באַלערינעס מיט אַ בויגעוודיקן פאַ.

אַמולעטן, בלום־בוקעטן און בראַסלעטן עמיץ שיט;
און פיאַלקעס, ווי בת־מלכות, האָבן הייליק זיך צובליט

און די סטאַנצן שמעקן־גלאַנצן פּאָמעראַנצן און די זון,
ס'וויינען קווייטן, דין ווי פלייטן, און־אָט רוישט שוין אַ טייפון.

ס'שוועבן בילדער, ווייכער־מילדער, שטרענגער־ווילדער
פול מיט גלאַנץ,
און זיך מישן, ווי דערווישן, אין אַ וואַנזיניקן טאַנץ,

כ'האָב באַגריפן דיינע שיפן אין די טיפן פון דיין ים,
כ'האָב פאַרשטאַנען אויך פון וואַנען ס'קומט דיין
אומעט און דיין פלאַם!

ביזט מיין ברודער! ביזט מיין ברודער! צילסט
דיין רודער טריי און שטייף
אין די רוימען וואו מילגרוימען און וואו קערבערס בליצן רייף.

הערסט פיין חבר, אין דעם אויער מיין ליטאַוורס העלן טאָן?
דיך באַגריסט ער, יונגסטער בריטער פון דעם גרויסן אַבאַלאָן!..

# קינדער־לידער

## I

### אַ קאַראַהאָד

קינדער, לאָזט דעם ענגען צימער, —
זעט, ווי פריש עס איז דער סאָד!
עמט אייך אַלע פאַר די הענטלעך —
לאָמיר גיין אַ קאַראַהאָד!...
אָט אַזוי
אָט אַזוי
לאָמיר גיין אַ קאַראַהאָד!

וואָס זשע שטייט איר ווי אַ גולם?
יעקעל, חיים — נו, געשווינט!
איצט אַ הויב די פיסלעך, עולם,
אַזש אַ פאָך טון זאָל אַ ווינט!
אָט אַזוי
אָט אָזוי
אַזש אַ פאָך טון זאָל אַ ווינט!

זעט, — עס קומען־צו אַלץ פרישע,
ס'איילן קינדער מחנות־ווייז.
הע, אהער, אַהער־צו קינדער
ברייטער־ווייטער ציט דעם קרייז!

אָט אזוי,
אט אזוי!—
ברייטער-ווייטער ציט דעם קרייז!

כאַ—כאַ-כאַ! דער פויגל שרעקט זיך,
און די בוימער קוקן-אָן...
טאַנצט-זשע האַסטיקער און יעדער
זאָל זיי ווייזן וואָס ער קאָן!..
אָט אזוי,
אט אזוי
זאָל זיי ווייזן וואָס ער קאָן!..

לאָנג איצט לאַזגזאַמער די פיסלעך,
און שטעלט-אָפּ די טאַנצעריי:
לאָמיר אָפּרוען צו ביסלעך,
און דערנאָכדעם אויף דאָס ניי!...
און דערנאָכדעם אויף דאָס ניי!
אָט אַזוי
אָט אַזוי
און דערנאָכדעם אויף דאָס ניי!..



## אַ לידל*

געפֿונען בײַ מיר אַ הינטעלע,
אַ הינטעלע אַ שפּאַץ
אײַ — איי, ווי יענעס הינטעלע
פֿלעגט פֿײַנט האָבן אַ קאַץ!...

כ׳פֿלעג נעמען אָפּט אַ האַנטעכל
און אויפֿדרייען אין האַנט,
און גלעטן עס, און צערטלען עס,
און מיאַוקען נאָכאַנאַנד

דאָס הינטל קריכט — אַ שמעק, אַ לעק,
טוט ס׳האַנטעכל אַ קראַץ...
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
געמיינט — עס איז אַ קאַץ...

אַצינד איז דאָ אַ קעצעל
אין צימערל בײַ מיר
און האָב איך נאָר אַ ביסל צײַט,
דאַן שפּיל איך זיך מיט איר

איך קנייטש צונויף פּאַפּירעלעך
און בינד אַ פּאָדעם צו —

דאָס טאַנצט אַרום, און רייצט מיין קאַץ
און לאָזט איר נישט צורו.

זי לויערט פון אַ ווינקעלע
אַ שפרונג — פאַפיערלעך בלויז!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
כאַ־כאַ־כאַ־כאַ!
זי מיינט עס איז אַ מויז!...

* *
*

קערט מיר אים די קרוין פון קינדהייט,
קערט מיר אום איר ריינעם גלאַנץ!
ברענגט מיר ווידער יענע שעהן,
ווען געוועזן איז זי גאַנץ...

זעט, זי ליגט אַצינד צוברעקלט,
זי איז פרעמד מיר אומבאַקאַנט:
דאָרטן וואַלגערט זיך אַ פּערל,
דאָ — אַ צויבער-בריליאַנט...

הילפלאָז בלאָנדזשעט וואו אַנאָפּשיין
פון אַן איינזאַם גאָלדן שטיק,
ווי אַ שטערן אַ פערהויכטער,
ווי אַ געפלדיקער בליק...

עפּעס צאַפּלט אין מיין האַרצן,
עפּעס שרייט דאָרט פול מיט פּיין.
„קערט מיר אום די קרוין פון קינדהייט,
„קערט מיר אום איר שרפים-שיין!"...

# אין פרילינגס פארנאַכטן

דראָס ווילט זיך מיר וויינען אין פרילינגס־פאַרנאַכטן,
אין שעהען וואָס קומען אין בלויקייט געקליידט?
וואָס ווילט זיך מיר איינזאַם און טרויעריק טראַכטן
אין דופטיקן גאָרטן געלענט אָן אַ פלייט...

עס וואַגט נישט דאָס ווינטל דעם טרויער צושטערן:
ער האָט אין די צווייגן דערשטיקט זיין געוויין,
און ס'קוקן די שטערן ווי זילבערנע טרערן,
פאַרגליווערטע טרערן פון בורא אַליין...

עס זיפצט און עס ציטערט דער בעז-בוים דער בלויער,
און באָדט זיך אין בלאַסן, און לופטיקן שיין...
מיר דוכט זיך — איך שטיי ביי דעם טונקעלן טויער
פון הייליקע ליידן, פון הייליקן פיין.

איך וויין ביי אַ רויז ביי אַ ווייסער געבויגן,
איך וויין אין דער שטיל און איך וויים נישט פאַרוואָס...
עס נידערט זיך אַ טרער נאָך אַ טרער פון די אויגן
און צינדט זיך ביים אָפשיין אין בלומיקן כוס...

## סאָנעט

ערגעץ שטיל
חיינט דער ווינט,
אַזוי קיל,
אַזוי לינד.

כ'דאַרף אצינד
קיין שום ציל;
אָך איך וויל
זיין אַ קינד.

עמיץ בעט,
עמיץ גלעט
ווי מיט זייד;

און מיין בלוט
פליסט באַרוט,
ווי די צייט.

* *
*

איך בין שטענדיק נע-ונד,
נע-ונד,
ווי אַ גריכישער נאָמאַד;
האָב איך היימען, מער ווי ריימען, מער ווי טרוימען אין מיין זעל;
יעדן טאָג אַ נייער שוועל,
ס׳וואַרפט מיך האַסטיק וועל צו וועל,
וועל צו וועל,
באַרג צו באַרג
און דאָס לעבן איז נישט קאַרג!

# האַרבסט־אַקאָרדן

ס׳איז געשטאָרבן מיין גאָט אין אַ פינסטערע נאַכט,
ווען דער האַרבסט האָט געיאָמערט אין קוימען...
ס׳איז געשטאָרבן מיין גאָט אין אַ פינסטערע נאַכט
און מיט אים — מיינע זוניקע טרוימען...

ס׳האָבן דאַרע און נאַקעטע צווייגן געקלאַפּט
אין מיין פענסטער ווי מתים ווי אַלטע...
ס׳האָבן דאַרע און נאַקעטע צווייגן געקלאַפּט,
און געציטערט די שויב האָט די קאַלטע...

ס׳האָט אַ קויטיקער הימל אַריבער דער ערד
ווי א ריזיקער שאָטן, געהאָנגען...
ס׳האָט אַ קויטיקער הימל אַריבער דער ערד
שטיל געדרימלט אין וואָלקנס געפאַנגען...

ס׳איז געשטאָרבען מיין גאָט אין אַ פינסטערע נאַכט,
ווען די שיין האָט אַ נעפּל פאַרשלונגען...
ס׳איז געשטאַרבן מיין גאָט אין א פינסטערע נאַכט,
און דער האַרבסט האָט אַ הספד געזונגען...

## איך זע שוין...*)

איך זע שוין, ווי דער קריטיקער, דער זער געשעצטער
דער מיושבדיקער מושלם וואָס ווייס אַ סך,
נעמט זיך צו מיינע לידער, אַן ערנסט ר און געניטער
און גלידערט שטרענג פונאַנדער דעם תוך און די שפּראַך.

דער גלייכגילטיקער אַנאַטאָם, אַ רויקער, סאָלידער,
גריבלט זיך און זוכט – וואו אַ מעלה, וואו אַ חטא;
אָ, בלומיקע גופּימלעך; אָ, מיינע צאַרטע לידער
ווי שווער איר זיפצט, נעבעך, אונטער זיין קאלטן פינצעט!

ער מעסט-אויס און װעגט-אויס ריכטיק אַלץ באַקלערט ער,
יעדער אָרט איז גענוג שטאַרק און דער למשל, איז שוואַך
אָ, דער ליבער קריטיקער, דער זער געערטער,
ער ווייס אַ סך! אָ, ער ווייס אַ סך!

*) פּראָיעקט פאַר פּראָלידיע [illegible] „אינטימע גנבים".

## באַמערקונגען פון דער רעדאַקציע־קאָמיסיע

דער ערשטער טייל „לידער" (ביז זייט 209) איז שוין דערשינען אין דער עפנטלעכקייט נאָך ביי לייב ניידוסעס לעבן — אין יאָר 1915 (פאַרלאַג פון י. אוטשין יעקאַטערינאָסלאַוו, געדרוקט אין ווילנע).

דער צווייטער טייל „לידער" איז נאָך אין בוך־פאָרם נישט געווען געדרוקט; דאָ גייען אַריין אַ סך געדרוקטע און נישט־געדרוקטע לידער פונם דיכטער. דער פּלאַן און סדר פונם צווייטן טייל „לידער" האָט נאָך ניידוס אַליין ביים לעבן געהאַט אָנגעוואָרפן, און טאַקע לויט דעמדאָזיקן פּלאַן האָבן מיר זיך אויך איצט געהאַלטן.

טייל לידער זענען צווישן דיכטערס פאַרבליבענע כתבים נישט געפונען געוואָרן. מעגלעך, אַז זייערע נעמען זענען דורך ניידוסן בלויז געענדערט געוואָרן. אַנשטאָט די פעלנדיקע האָבן מיר אַריינגעגעבן אַנדערע שירים, וועלכע אַנטשפּרעכן דעם כאַראַקטער פון יעדער אָפּטיילונג.

אויך אין ניידוסעס פּלאַן פון לידער II זענען אַפילו פאַראַן די נעמען פון די אָפּטיילונגען, מיט וואָס מיר באַנוצן זיך, כאָטש, גאַנץ מעגלעך, אַז ביים דרוקן וואָלט זיי דער דיכטער געענדערט.

פונקט ווי אין די „ליטווישע אַראַבעסקן" האָבן מיר אויך דאָ נאָטירט אין אינהאַלטס־פאַרצייכעניש די אַלע דאַטעס פון די לידער, וואו נאָר ס'איז געווען אין כתב־יד.

# אינהאַלט:

## ליריק I



## סטרונעס, וואָס וואַרטן



## הייליקע גראָטן

## רעש-פאַרשייטער



## מאַמע-ערד

## Finale



# ליריק II

## ליבע

זייט



## נ אַ ט ו ר